מרדכי שטיינבערג

# בלויע האָריזאָנטן

דערציילונג
מיניאַטור
רעפּאָרטאַזש



ה. לייוויק - פאַרלאַג
ביים פאַראיין פון יידישע שרייבערס
און זשורנאַליסטן אין ישראל

MORDEHAJ STEINBERG

# BLOJE HORIZONTN

# BLUE HORIZONS

Short Stories

מרדכי שטיינבערג

# אופקים כחולים

סיפור, מיניאטורה, רפורטאז'ה

**Printed in Israel 1983**

**נדפס בישראל תשמ״ג — 1983**



דפוס „אורלי״, תל־אביב



## מרדכי שטיינבערג

געבוירן דעם 1טן יאַנואַר 1914 אין בערעסטעטשקאָ, וואָלין. דעביוטירט אין יאָר 1930 מיט אַ נאָוועלע אין ראָוונער וואָכנבלאַט „וואָלינער שטימע". מיטגעאַרבעט אין אַ ריי צייטונגען, צווישן זיי אין וואַרשעווער „פריינד" (רעדאַקטאָר אלתר קאַציזנע) געשריבן דערציילונגען און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן. געזאַמלט פאָלקלאָר פאַרן „ייוואָ". צוגעגרייט צום דרוק אַ בוך דערציילונגען נאָר דער אָנטייל אין דער פּויליש־דייטשישער מלחמה און די שפּעטערדיקע טרויעריקע געשעענישן האָבן פאַרניכטעט די היים און דעם ליטעראַרישן אַרכיוו.

אין יאָר 1946 זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד, געווען סעקרעטאַר אין אַ קיבוץ וואָס האָט אויך געדינט אַלס אַ וויכטיקער זאַמלפּונקט פון דער „בריחה" אין נידערשלעזיען.

זיך געדרוקט אין „דאָס נייע לעבן".

ערשט אין יאָר 1957 געקענט פאַרלאָזן פּוילן און עולה געווען. אין ישראל האָט די פעדער אויפגעוואַכט צוריק.

# אַלטע זאַכן

יעדן פרימאָרגן אין דער זעלבער שעה, האָט זיך צווישן די הייזער־בלאָקן צעטראָגן אַ צעצויגענע ציטערנדיקע שטים:

— אַ־אַלטע זאַ־אַכן, אַ־אַלטע!

די האַלב־געבויגענע פיגור אין דער לייכטער העלער מאַרינאַרקע מיט דעם העלן קראַוואַט, האָט זיך געשאַרט האַרט ביי דער וואַנט, נאָענט צו די פענצטער. דער ברוינער אויסגעבליאַקעוועטער העקל־הוט עטוואָס פאַררוקט אויף אַ זייט און די אויגן גערעמט אין גאָלד האָבן טרוימעריש געקוקט אין דער ווייטקייט.

— אאַלטע זאַאַכן, אַאַלטע!

דאָקטאָר האַנס ווערטהיים האָט דאָ געמאַכט זיין פרימאָרגן שפּאַציר צווישן די הייזער. ער איז געגאַנגען געלאַסן מיט געמאָס־טענע טריט אונטערהאַלטנדיק מיט דער רעכטער האַנט דעם צעק־נייטשטן טורניסטער אויף די פּלייצעס.

אָפטמאָל האָט זיך געדאַכט אַז ער גייט דאָ גלאַט אַזוי אָן אַ ציל, אַז ער נעמט זיך נישט איבער מיט דעם וואָס זיין קול איז אַ „קול קורא במדבר" און קיינער פון די איינוווינער רופט זיך נישט אָפּ. ווייל אַפילו ווען פון ערגעץ־ווו האָט זיך דערטראָגן אַ פרויען־שטימע וואָס האָט אים גערופן צו זיך — האָט דאָקטאָר האַנס ווערטהיים אָן געאייל, נישט אויפהערנדיק צו סילאַביזירן „אאַלטע, אאַלטע" געגומען אַרויפגיין אין דער געבעטענער דירה: צייל'נדיק שטיל אין זיך די טרעפּ. —

דאָקטאָר האַנס ווערטהיים איז דאָ געווען אַן אַלטער בן־בית, אַלע האָבן אים דאָ געקענט און די קינדער אַוודאי און אַוודאי. קליינוואַרג פלעגט הנאה האָבן פון זיין הילך, פון דעם אויסגעבליאַ־קעוועטן ברוינעם הוט, פון זיין שטענדיק פאַרקנעפּלטער מאַרינאַר־

קע מיטן העלן קראַוואַט און באַזונדערס פון זיין ציטערנדיקער שטים וואָס האָט זיך געצויגן מיט מאָדנער בענקעניש.

אין יום־טוב פעריען און אין די הייסע יולי־אויגוסט טעג ווען קינדער שטיפן אַרום מיט שטאַרקן געפילדער, פלעגט אים דערוואַרטן אַ וואַרעמער קבלת־פנים. ווי נאָר זיין דינער סילועט האָט זיך באַוויזן ביי דעם ווינקל־הויז אויפן שמאָלן טראָטואַרל — פלעגט אַ גאַנצער קינדער־כאָר זיך פּלוצעם צעקלינגען:

— אַאַלטע זאַאַכן, אַאַלטע! — — — —

און דאָקטאָר האַנס ווערטהיים פלעגט דאַן אָנהויבן שפּאַנען מיט גרויס קוראַזש און מיט אַ שאַרפן בלישטש אין די אויגן. אַ פריידיק געלעכטער האָט זיך צעשפּילט אויף זיין געזיכט. ער האָט ליב געהאַט קינדער און אין זייער קעגנוואַרט פלעגט זיין שטים ווערן נאָך מער צעצויגן און די בענקעניש טיפער.

— שמענדריקעס! געזונט זאָלט איר זיין!

פלעגט ער אויסשרייען וועלנדיק אָנכאַפּן עמעצן פאַרן בעקל — אָבער דאָס קליינוואַרג האָט זיך שוין צעשאָטן מיט ברויזנדיקער פרייד אין אַלע זייטן און דאָקטאָר האַנס ווערטהיים פלעגט בלייבן שטיין אין לייכטער פאַרלוירנקייט מיט צוויי צעשפּרייטע הענט. —

✶

דאָקטאָר האַנס ווערטהיים לעבט אין איינזאַמער אַליינקייט. פון לאַנג האָט ער שוין שלום געמאַכט מיט זיין גורל און מעגלען אַז כדי זיך אַליין צו באַשטראָפן — קיין נייע פאַמיליע שאַפן נישט געוואָלט.

די איינזאַמקייט האָט אָפּגעסטעמפּלט זיין פּנים, דעם בליק: צוגעשלאָסן די עטוואָס אויפגעהויבענע רעכטע זייט פון דער אויבערשטער ליפּ. זעלטן ווען עמעץ האָט אים באַזוכט און זעלטן אַז ער איז איבערגעטרעטן די שוועל פון באַקאַנטע. מענטשן מיידן געוויינלעך אויס איינזאַמע לײַט — זיי זענען אַן איבעריקער באַלאַסט אין אַ קאָרעקטער געזעלשאַפט. —

דער איינציקער מענטש וואָס האָט רעכט צו זיין פּריוואַטקייט

איז זהירה די תימנקע וואָס מאַכט ספּאַנדזשע. זי וויינט קעגנאַיבער און קומט איינמאָל אין חודש פאַרנאַכט און דאָקטאָר האַנס ווערט־היים וואַרט זי שוין אָפּ אומגעדולדיק. ער דערקענט אַפילו אירע טריט אויף די טרעפּ און לויפט איר שטענדיק אַנטקעגן.

— שלום, זהירה, וואָס מאַכסטו גוטס?

— שלום דאָקטאָר, ברוך השם, אַלץ איז בסדר.

— וואָס מאַכן די קינדערלעך, וואָס מאַכט ניסים?

— ברוך השם, אַלץ איז בסדר.

נאָכן דאָזיקן סטאַנדאַרטן ווערטער־אויסטויש, נעמט זיך זהירה גלייך צום ראַמען און דאָקטאָר האַנס ווערטהיים זעצט זיך צו זיינע דייטשישע פּילאָזאָפיע ביכער. אָבער די אַנוועזנקייט פון זהירה׳ן ציט אָפּ זיין אויפמערקזאַמקייט, די אותיות הויבן אָן זיך צו באַוועגן צווישן די שורות. וואַרפט ער אַ בליק אויף אירע שוואַרצע אויגן מיט די לענגלעכע וויעס און זהירה׳ס ווייבלעכער חוש פילט עס גלייך אויס. אָבער זי טוט שווייגנדיק ווייטער איר אַרבעט, זי ווייסט אַז דאָקטאָר האַנס איז אַ געלערנטער און אָרנט־לעכער מענטש און איז ווייט פון שלעכטע מעשים.

נאָכן דאָזיקן געדאַנקען־אויסטויש — זעצט זיך דאָקטאָר האַנס ווערטהיים אויף דער מרפסת, ווישט לאַנג די אויגן־גלעזער און קוקט מיט בענקעניש אין דער פאַרגייענדיקער זון.

*

זייט ער האָט דערקענט זהירהן — איז אין אים פאַרגעקומען אַ פאַרענדערונג. פאַראַן זאַכן וואָס די צייט פאַרהיילט, טעמפּט אָפּ דעם ווייטיק, מאַכט פאַרגעסן. און זהירה׳ס טונקעלער בליק מיט די לענגלעכע וויעס האָט אָפּגעקראַצט דעם שימל פון זיין געדעכניש און אַ טיפע סודותדיקע ווונד האָט זיך צעעפנט אין זיין נשמה. פון טאָג צו טאָג ווערט זיין שטים צעצויגענער, ציטער־נדיקער, לאַנגזאַמער. קיינער פרעגט נישט און קיינער ווייסט נישט פאַרוואָס. קיינעם איבריגנס גייט עס נישט אָן, יעדער האָט זיך זיין ביטערניש אינעווייניק. און דאָקטאָר האַנס ווערטהיימס קאָפּ

בויגט זיך טיפער אַראָפּ, די אויגן זשמורען זיך איין און דער שטערן קוועטשט איין טיפער זיינע קאַרבן.

זיצט זיך אַזוי דאָקטאָר האַנס ווערטהיים אויף דער מרפּסת און די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון וועבן איין דעם פאַרנאַכטיקן אַרום אין סאַמעטענער ווייכקייט. ווייט אויפן האָרי־זאָנט צייכענען זיך אויס קאָנטורן פון אַ לאַנג פאַרשווונדענער לאַנדשאַפט.

אַ גלעקל־געקלאַנג פון פריילעכע קינדערשע טעג, חלומות און פּלענער פון דערוואַקסענע, שעה'ן פון פרייד און פון אויפ־געוואַכטע נייע געפילן... טרודאַ, דאָס טונקעלע מיידל מיט די שוואַרצע אויגן און לאַנגע וויעס — די סטודענטין פון מעדיצינישן פאַקולטעט און ער דער סטודענט פון פילאָזאָפיע. נישט פאַרגע־סענע הייסע נעכט פון אייביק נישט געשטילטער לײַדנשאַפט... זיגי — דאָס פּיצעלע, די פרוכט פון ערלעכער ליבע און פלוצעם: דראָטן מיט עלעקטרישער לאָדונג פון נאַצישן לאַגער ווו די „אַרבעט מאַכט פריי" צוזאַמען איצט טרודען מיט זייער קינד... דאָס אַרישע אויסזען האָט אים דערווייל געלאָזן אין דער היים און טרודאַ בעט אים ער זאָל זיך נישט פאַראַטן, אפשר וועט ער, זייענדיק אויף דער פריי, קענען אויך זיי אַרויסהעלפן. אָבער דער גאַנצער שוידער פון יענער צייט האָט אים שנעל געעפנט די אויגן. גע־וועזענע פריינט האָבן מיט באַדויער און הילפלאָז געשאָקלט מיט די קעפּ. אפשר האָט ער גאָר געדאַרפט גיין אין לאַגער צו פרוי און קינד און טיילן מיט זיי זייער גורל? יעדער מענטש האָט אָבער אַ מינוט פון שוואַכקייט און כאָטש דאָס לעבן געהער צו די שטאַרקע — האָט אים זיין שוואַכקייט דאָס לעבן געשענקט...

אָבער וואָסער טעם האָט זיין לעבן דאָ?

ער וועט דעריבער פון דער פרוכט פון זיין שטודיום נישט געניסן. ער וועט אויך זיין איינזאַמקייט נישט פאַראַטן. — דאָקטאָר האַנס ווערטהיים מוז צאָלן אַ חוב! — — — —

אָבער אונטער דעם דאָזיקן באַשלוס גליווערט אַ לעבעדיקע־

מענטש און זיין האַרץ גייט אויס אין שטענדיקער בענקעניש. צוזאַ־מען מיט דער צעעפנטער ווונד האָט זיך אָנגעצונדן אַ קליינטשיק פלעמעלע וואָס רייצט און צעשפּאַרט לאַנג פאַרדרימלטע געפילן. ער קען איצט מער נישט לייענען און דרייט זיך אַהין און צוריק. אויף דער מרפסת ליגן איצט די ביכער פאַרמאַכט. זהירה דער־פילט דעם שטאַרקן דורכדרינגענדיקן בליק אויף אירע וויעס און אַ טעלער גליטשעט זיך איר אַרויס פון דער האַנד. אַ הייסער אָטעם בריט איר אָפּ דעם לעפל פונעם אויער:

— זהירה... טייערע...

— דאָקטאָר האַנס! וואָס איז מיט אייך?

צוויי ביינערדיקע אָרעמס קלאַמערן זי פעסט צו זיך מיט הייסן געשעפּטש:

— זהירה! זיי מיר מוחל, זהירה! דו ווייסט, טייערע, וואָס עס הייסט איינזאַמקייט?

— דאָקטאָר האַנס, איך בין אַ פאַרנומענע און פשוטע פרוי און איר זענט אַ געלערנטער מענטש.

— זהירה, דו ווייסט אָבער נישט, טייערע, ווען דו טוסט מיר דערמאָנען.

— דאָקטאָר האַנס, איך שעם זיך פאַר אייך...

אַ לאַנגער נישט געשטילטער ציטער. דאָקטאָר האַנס ווערטהיים האָט זיך באַדענקט.

— זהירה, קענסטו אפשר קומען יעדע וואָך? די שטוב פאָדערט מער אַרבעט.

אין אומדרייסטקייט האָט זי געציילט די ווערטער:

— ס'איז מיר נישט אָנגענעם, דאָקטאָר, אייך צו זאָגן. מיין ניסים האָט געקויפט אַ טענדער. ער וויל אַז כ'זאָל זיך איצטער פאַרנעמען בלויז מיט די קינדערלעך.

דאָקטאָר האַנס ווערטהיים האָט פאַרלוירן זיין בליק אין דער האַסטיק צוגעפאַלענער נאַכט.

*

דער ערשטער טאָג פון זומערדיקער זאָרגלאָזיקייט אינעם יולי־פרימאָרגן האָט זיך אין דער שכונה געשטעלט אַ רעשיק־הייסער. פענצטער האָבן זיך צעפּראַלט מיט געבלימטן בעט־צייג, קאָלדרעס און קישנס. קינדער האָבן אין איילעניש געלאָזט אַ נישט פאַרענדיקט פרישטיק און מיט געפּילדער זיך געשאָטן אויף די טרעפּ. צווישן די הייזער־בלאָקן האָט זיך צעטראָגן אַ האַרטע שטים פון אַ הילכער:

— אַלטי זאַכען! אַלטי זאַכען! קונה חולצות, מכנסיים, שטיחים ורהיטים! אַלטי זאַכען!

פון אַ טענדער איז אַרויסגעשפּרונגען אַ ייִנגערמאַן און האַסטיק מיט שטאַרקער זעלבסטזיכערקייט, גענומען שפּרייזן אויפן שמאָלן טראָטואַר. די שטים פונעם הילכער האָט אים באַגלייט. דאָס קליינוואַרג אויפן גראָז האָט מיט שטוינונג באַטראַכט דעם אומבאַקאַנטן. ס'איז דאָך געווען גענוי די באַשטימטע שעה ווען דאָקטאָר האַנס ווערטהיים פלעגט מאַכן דאָ דעם פרימאָרגן־שפּאַציר. אַז די איינגעבויגענע פיגור האָט זיך באַוויזן נעבן ווינקל־הויז האָט דאָס קליינוואַרג מיט דערלייכטערונג זיך געגרייט אים אויפצונעמען מיט דעם געוויינלעכן כאָראַלן פזמון אָבער די מעטאַלענע שטים פונעם הילכער האָט ווידעראַמאָל מיט פאַרשטאַרקטער קראַפט און מיט אומגעדולד צעטומלט די לופט:

— אַלטי זאַכען! אַלטי זאַכען! קונה חולצות, מכנסיים... דאָקטאָר האַנס ווערטהיים שטייט אַ ווײַלע אין פאַרלעגנהייט און אין וואַקלעניש. אַט דאָרט אויפן טראָטואַר שטייט דער טענדער און ניסים, זיין קעגנאיבערדיקער שכן, פּילט זיך שוין דאָ חוצפּהדיק היימיש. שטילערהייט נעמט ער גיין צו די קינדער. זיי רינגלען אים אַרום שווייגנדיק און ערנסט גלייך זיי וואָלטן אויך אויסגעפּילט די ערנסטקייט פון דער שעה.

דאָקטאָר האַנס ווערטהיים קוועטשט איין דעם שמייכל צווישן די ליפּן, ציט אַריין דעם קאָפּ טיפער צווישן די פּלייצעס, דעם צעקנייטשטן טוריסטער פאַרשטעלט ער מיט דער האַנד. ער איז

אים דאָ מער נישט נויטיק. עמעץ האָט זיך דאָ פאַרקליבן אויף זיין שטח און שטויסט אים פון דאַנען אַרויס. ער מוז אָפּטרעטן. ער איז אַן איבעריקער. פון היינט אָן מוז ער אויך זיך אָפּזאָגן פון דער קינדערשער פרייד און פון זיין איין און איינציקן שמייכל.

ערגעץ אין דער טיפעניש טויכט אויף אַ קלאָרע און דייטלעכע שטים:

— נאָר שטאַרקע האָבן דאָס רעכט אויף לעבן!...

דער הילכער האָט אַלץ געגרילצט מיט מעטאַל, מיט פאַר־חוצפהטן מענטשלעכן לשון:

— אַלטי זאַכען! אַלטי זאַכען!...

און דאָקטאָר האַנס ווערטהיים האָט אין שווייגעניש שווער געשלעפּט זיינע פיס. — — —

# בלויע האָריזאָנטן

ווען אינזשעניער אודי קריגער האָט מיט אַ צען יאָר צוריק פאַרענדיקט דעם חיפהער טכניון, האָט מען אים ממש „צעריסן אויף שטיקער". ער איז באַקאַנט געווען ווי איינער פון די אויסגעצייכנטע סטודענטן פונעם בויפאַקולטעט און האָט גלייך באַקומען אַרבעט אינעם גרויסן בוי־קאָנצערן, וואָס האָט געפירט אַ גאָר פאַרצווייגטע טעטיקייט אין גאַנצן לאַנד, ווי אויך אין די ניי־אויפגעקומענע מדינות פון דער שוואַרצער יבשת.

אודי האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער און האָט נישט געוווּסט פון קיין רו. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין גרויסע, טיף פאַרוויקלטע פּראָיעקטן, וועלכע האָבן געפאָדערט פּרעציזקייט און צייט. ער האָט געצייכנט די פּלענער מיט אייפער און מיט טיפן אינטערעס, ווי אַ מאָלער — אַ קינסטלער וואָס ווערט פאַרכאַפּט פון זיין ווערק.

אודי האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פאַנטאַסטישע פּראָיעקטן אין וועלכע ער האָט געזען דאָס צוקונפטיקע געשטאַלט פון דער מדינה. ער האָט געלעבט אין אַ וועלט פון מאָדערנער מיסטיק ווו די ווירקלעכקייט האָט זיך געקייטלט מיט פאַנטאַזיע דורך פאַרוויקלטע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען וועגן דער אויסגעהאַלטנקייט פון דער מאַטעריע.

ווען ער האָט אויף אַ סטודענטישן טאַנץ־אָוונט דערזען די יונגע, צעשויבערטע נילי, מיט איר לייכטן און קלוגן בליק, האָט ער דערפילט אַז אין זיין פאַנטאַסטישער וועלט פון ציפערן און פּראָיעקטן האָט זיך אַריינגעקייטלט אַ פרישער עלעמענט וואָס האָט נאָך ביז דאַמלט נישט געפונען קיין אָרט אין זיין האַרץ און מוח.

זינט דאַמלט איז שוין אַריבער אַ היפּשע צייט: דער בוי־

קאָנצערן האָט אים געהאָלפן אַריבערצוגיין אין אַ פיר צימער־דיקער וווינונג אין איינעם פון די שענסטע ווינקעלעך אויפן כרמל־באַרג. אין גאַראַזש האָט געפינקלט אַ טונקל־גרינער „פיזשאָ״; אין די גערוימע, ליכטיקע צימערן האָבן זיך אַרומגעקוילערט אין געפילדער יוסי און יורם — צוויי גוט געפלעגטע יאַטלעך — געראָטענע אויף צוויי יאָר איינער פונעם צווייטן — און דער גוטער, עטוואָס שטרענגער בליק פון נילין האָט זיי באַגלייט אין אַלע ווינקעלעך. אודיס האַרץ פלעגט זיך צעוואַקסן פאַר נחת ווען ער פלעגט קומען אַהיים און די יאַטלעך פלעגן אים אַרומרינגלען מיט נייגעריקע אייגעלעך:

— נו, אבא, האָסט עפּעס געבראַכט?

יורם, דער קליינער מזיק, פלעגט זיך דער ערשטער אָוועקזעצן אויף זיינע קני און שטיפעריש צופּן זיינע וואָנצעס, בעת יוסי, דער בכור, מיט די בלויע פאַרחלומטע אייגעלעך, פלעגט אים נעמען דערציילן וואָס ער האָט היינט געלערנט אין קינדער־גאָרטן.

אַזוי פלעגט אודי קריגער פאַרברענגען אַ גאָר קורצע צייט, נאָכדעם אויף גיך, ווי מען וואָלט אים ממש געטריבן, אָפּגעקייט דאָס אָוונטברויט, איבערגעוואָרפן זיך מיט עטלעכע ווערטער מיט נילין, צומאָל אויך אויסגעהערט אַן אָנקלאַגע אויף די ווילדע יורשים זיינע און גלייך זיך פאַרמאַכט אין זיין צימער.

ער האָט געאַרבעט אויף אַ פּראָיעקט צו אַ וועלט־קאָנקורס פון אַ מאָדערנער שטאָט, וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ פערטל מיליאָן איינוווינער וועלכע באַשעפטיקן זיך ס׳רוב מיט לאַנדווירט־שאַפט און געניסן אין דער זעלבער צייט פון די נייסטע טעכנישע דערפינדונגען.

אינזשעניער אודי קריגער האָט אינעם דאָזיקן פּראָיעקט אַריינגעלעגט זייער פיל געדאַנק און האַרץ; ער האָט געהאַט גאָר אַ באַזונדערן פאַרגעניגן פון באַאַרבעטן די דעטאַלן צו דעם דאָזיקן פּראָיעקט. ער האָט אַלץ געזען מיט אַזאַ דעטאַליזירטער קלאָרקייט,

אַז די אויפגעשוווּמענע שווערקייטן זענען צערינען געוואָרן ווי אַ נעפּל. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער דערפילט דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן שאַפונגס־פרייד; אמתער גייסטיקער גענוס וואָס ווירקט ווי אַ באַלזאַם אויף דער מענטשלעכער פּסיכיק, רייצט די פאַנטאַזיע, באַפרוכפּערט דעם שאַפונגס־גייסט און דינט ווי עכטע נאַטירלעכע באַמיסטיקונג פאַרן צעאַקערטן פעלד. ערגעץ טיף אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין האָט געגעסטעט אַ צאַרט און שטיל געפיל פאַר דעם דאָזיקן שטייגער לעבן, און דער פּראָיעקט פון דער צוקונפטיקער שטאָט האָט עס אין אים אויפגעוועקט און אַרויסגעבראַכט אויף דער אויבערפלאַך.

אודי האָט איצט קיין צייט ניט געהאַט וועגן עפּעס אַנדערש צו טראַכטן, ער איז געווען פאַרטאָן און די טעכנישע איינצלהייטן, און דער טערמין פון צושטעלן דעם פּראָיעקט האָט זיך דער־נעענטערט.

שפּעטער ווען די צייטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט זיין בילד און די ראַדיאָ־סטאַנציע האָט זיך גערימט מיטן ישראל אינזשיניער וואָס האָט זיך דערשלאָגן צום ערשטן פּרייז, האָט אודי דערפילט אַ דערלייכטערונג, ווי דאָס געפיל ביי אַ מענטשן וואָס איז לאַנגע טעג געגאַנגען באַרג אַרויף און האָט ענדלעך געפונען אַ מקום־מנוחה.

נילי מיט די זינדלעך האָבן אים ממש פאַרמאַטערט מיט זייערע פּיעשטשענדיקע קושן און ער האָט עטלעכע טעג געמוזט זיך באַפרייען פון דער אַרבעט און געניסן פון אַ געצווונגענעם אורלויב אין זיין וואַרעמער משפּחה־נעסט.

✶

אַ לאַנגער זלידנער קלונג פונעם טעלעפאָן האָט אודין אויפגע־וועקט. נאָך אַזויפיל שלאָפלאָזע נעכט איז ער געשלאָפן אָן חשבון, וויפל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. ער האָט אַ סך גערוט, אָפּגעלאָזט די גלידער ווי אַ זייגער־ספּרונזשינע בעתן רעמאָנט.

ווען ער האָט אַ האַלב פאַרשלאָפענער אָנגענומען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל, האָט אַ טיפער באַס אים אַ פרעג געטאָן אין אויער:

— האַלאָ! צי קען איך ריידן מיטן אינזשעניער אודי קריגער?

— גוט מאָרגן, דאָס רעדט אודי קריגער.

— האַ, גוט מאָרגן, דאָ רעדט טייכער, דער דירעקטאָר פונעם אויסלענדישן בוי־סעקטאָר. אויב דו האָסט היינט צייט כאַפּ זיך, ביטע, אַריין צו מיר אין ביוראָ. זײַ מוחל, וואָס כ׳האָב דיר געשטערט אַזוי פרי, אָבער עס איז אין דיין אייגענעם אינטערעס. אַלזאָ, קומסטו?! להתראות!

אודי האָט פאַרשטייט זיך, שפּעטער אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון טייכערן. דאָס איז געווען אַן אַרבעט אויף אַ צייט פון צוויי יאָר אין איינער פון די אַפריקאַנישע נייע מדינות, צו בויען דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט־בנין.

די ערשטע זעקס חדשים ביז נילי מיט די קינדער זענען אונטערגעקומען, האָט אודי זיך געפילט ווי אַן אָפּגעריסענער מעטעאָר. ער האָט אַ סך געאַרבעט און געהאַט אויך צייט אויף צוצוקוקן זיך צו דעם זעלטענעם לעבנס־שטייגער פון די איינגעזעסענע. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ נייע אומבאַקאַנטע וועלט וועגן וועלכער ער האָט ביז איצט נישט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג. צוזאַמען מיט דער שרעקלעכער נויט האָט דאָרט געגעסטעט פּרימיטיווע האַרציקע איבערגעגעבנקייט און מענטשלעכע פילבאַרקייט. ער האָט געפילט אַן אמתע באַדערפעניש צו העלפן די דאָזיקע מענטשן, אָבער גלייכצייטיק דערמיט האָט אים אָנגעכאַפּט אַ מאָדנע בענקשאַפט נאָך די אייגענע: ער האָט געבענקט נאָך נילין, נאָך די קינדער, און — ווי קאָמיש ס׳איז אים אַליין אויסגעקומען — ער האָט דערפילט אַ באַדערפעניש אין אַ ביסעלע היימישע חמסין־לופט וואָס צעגליט דאָס זאַמד און פרעסט אויס דעם ים מיט שפּיגלדיקן גלאַנץ. ווען נילי מיט די קינדער זענען געקומען קיין אַפריקע האָט ער געציילט די טעג ווען ער וועט שוין ווידער

קענען זיך אַרומוואַלגערן מיט דער משפּחה אויפן שטילן ים־ברעג פון חיפה.

*

די שיף „מולדת״ וואָס האָט זיי צוריק געבראַכט קיין ישראל, האָט פאַרטאָג זיך דערנעענטערט צום חיפהער פּאָרט. נילי מיט אודין זענען געשטאַנען אַרומגענומען אויפן דעק, די פרימאָרגנדיקע פייכטע קילקייט פונעם ים האָט זיי אָפּגעפרישט, זיי האָבן זיך געפילט לייכט און אָנגעזעטיקט מיט איינדרוקן און איבערלע־בונגען.

— בשעה טובה! — האָט אודי אויסגערופן און אויסגעפּרעסט אַ הייסן קוש אויף נילים ליפּן.

אין פּאָרט האָבן נייגעריקע און פריינט געזעשמורעט די אויגן און געפּערלט די שניי־ווייסע ציין:

— נילי! אודי!

אָרעמס האָבן זיך פאַרפלאָכטן אויף העלדזער און אמתע, אויפריכטיקע טרערן האָבן באַדעקט די פּנימער.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אודי איז געזעסן אָנגעלעגט אויפן פּאָטעל און האָט מיט אַן אומעטיקן בליק אַרויסגעקוקט צו דער גאַס.

ס׳איז געווען אַ האַרבסטיקער, ליכטיקער פאַרנאַכט און די גאַס איז געווען טומלדיק: מענטשן זענען געגאַנגען הין און צוריק ווי געטריבן דורך עפּעס אַן אומזעבאַרער קראַפט; די קינדער האָבן זיך אין געפילדער אַרומגעוואָרפן מיט אַ האַנטבאַל און ווי די מאַלפּעס זיך געקאָלערט אויפן גראָז; איבערן שאָסיי האָבן זיך געיאָגט אויטאָמאָבילן, אַרויסלאָזנדיק פון צייט צו צייט אַ רעדער־סקריפּ ביים האַמעווען; די ביימלעך אויפן טראָטואַר האָבן גע־וואָרפן לייכטע שאָטנס און די זון, אַ רויט־צעפלאַמטע האָט זיך געגומען קייקלען אַראָפּ דעם כרמל־באַרג; דער באַרג איז געווען באַלויכטן מיט אַ בלייכלעך־רויטן ליכט און די ווייסע שעפּסן־וואָלקנדלעך אין הימל מיט אָראַנזש־רויטער פאַרב.

אודי האָט געקוקט איבער דער לאַנגער גאַס מיט אַ מידן בליק. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז ער זעט זי היינט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן. קען זיין אַז דאָס שטימט איצט מיט זיין געמיט, ווייל נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ער נישט געהאַט אַזאַ מאָדנעם געפיל. סוף כל סוף איז ער דאָך אַ יינגער מענטש פאַר וועמען דאָס גאַנצע לעבן ליגט נאָך אין פאָראויס. ער האָט דאָך געקענט זיצן אין דער פרעמד און פירן אַ באַקוועם און זאָרגלאָז לעבן, האָט אים אָבער אַ קליין פינטעלע, ווי אַ ווערעמל, נישט געגעבן קיין רו: „דו ביזט אַ ייד און דו קענסט דאָ לאַנג נישט פאַרבלייבן! דיין אָרט איז ביי זיך אין דער היים!"

און ווען ער איז געקומען זיך ווייזן אין זיין ביוראָ, האָט אים דער דירעקטאָר טייבער באַגעגנט מיט דעם שיינעם אויסגעדרע־סירטן שמייכל וואָס האָט זיך געצויגן דורך די ליפן ביז צו די אויגן:

— אַ שאָד, אינזשעניער אודי, וואָס דו האָסט נישט אונטער־געשריבן דעם קאָנטראַקט אויף נאָך צוויי יאָר... מיר פירן איצטער דורך אַ געוויסע רעאָרגאַניזאַציע... איך וואָלט דיר געעצהט זיך אויסרוען אַ ביסל פון דער רייזע, נאָכדעם וועלן מיר זען וואָס מיר קענען טאָן פאַר דיר...

אָפּגעזאָגט דאָס זייניקע האָט דירעקטאָר טייבער מיט טיפער ערנסטקייט גענומען בלעטערן די פאַפּירן אויפן טיש, גלייך ווי ער וואָלט געזעסן אייגער אַליין אין זיין צימער.

אודי האָט אין דער ערשטער מינוט דערפילט ווי אַ בלייענע שווערקייט וואָלט אים אָנגעפולט די אָדערן: ס'האָט אים אויס־געזען מאָדנע אומפאַרשטענדלעך די כמעט מעכאַנישע באַציונג פון דירעקטאָר טייבער. צוויי יאָר האָט ער געדינט אין שליחות פונעם דאָזיקן מענטש — טאָ וואָס האָט דאָ פּלוצעם פּאַסירט? צווישן די פּרימיטיווע, האַלב־ווילדע מענטשן מיט וועלכע ער האָט דאָרט געאַרבעט, האָט ער געפונען אַ מענטשלעכע באַציונג און אַ קלאָרע, אָפענע מענטשלעכע שפּראַך. און דאָ האָט די קינסטלע־

בע שטאָטישקייט אָפּגעטעמפּט אונדזער לשון. צו שנעל האָבן מיר גענומען שפּרינגען. מיר האָבן זיך נאָך אַפילו נישט גענוק זיכער אָוועקגעשטעלט אויף די אייגענע פיס. פיל, זייער פיל איז נאָך דאָ ביי אונדז צו טאָן. מען דאַרף פאַרפעסטיקן דעם יסוד; מען דאַרף אָפּרייניקן דעם באָדן וואָס הייבט אָן זיך באַדעקן מיט ווילדע געוויקסן. און פאַרוואָס זאָל ער, אודי, זיצן דאָ אין שטאָט מיט פאַרלייגטע הענט? ער איז נאָך גענוק יינג אויף אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי!

אָ באַהערשטער איז אודי אויפגעשטאַנען און מיט לאַנג־זאַמע, אָבער פעסטע טריט גענומען פאַרלאָזן טייבערס ביוראָ.

— זייט געזונט, דירעקטאָר טייבער, שלום!

איצט זיצט ער נאָך אָ שווייגנדיקער אויף דער וועראַנדע און די געדאַנקען, ווי גייענדיקע שאָטנס, לייגן זיך אָפּ אויף זיין געמיט.

*

דאָס וואָס איז נעכטן געווען פאַר אודין ווי אָ רעטעניש, איז היינט פאַרביידן געוואָרן קלאָר ווי דער טאָג: נילי האָט גאָר גיך אויפגעכאַפּט זיינע געדאַנקען — זי איז שטענדיק געווען לייבט אויף באַשלוסן אויב נאָר זי האָט געזען אין זיי אָ געמיש פון פאַנטאַזיע און רעאַליטעט. פונקט ווי זי האָט פריער זיך דעצידירט צו פאָרן קיין אַפריקע, צוליב איר נייגעריקייט אָנצוזען אָ וועלט, אַן אומבאַקאַנטע און עקזאָטישע, אַזוי האָט זי מסכים געווען צוריק־צו פאָרן אַהיים ווייל די ליבע און טרייַשאַפט צו אודין האָט איבערגעוויגן אַלע אירע אייגענע פאַרלאַנגען.

אָבער דער נייער געדאַנק אודיס האָט זי ממש איבעראַשט. זי ווייסט אַז אודי ציט זיך נישט צוריק אַזוי גיך פון זיינע באַשלוסן. אָבער כאָטש זי האָט זיך גענומען באַציען צו דעם געדאַנק מיטן גאַנצן ערנסט, האָט זי אים דאָך אַביסל געררייצט:

— נו און אַזוי לייבט ווועסטו רעזיגנירן פון דיין... „פּיזשאָ״? אין קיבוץ וועסטו אַזעלכע באַדינגונגען נישט האָבן...

— מיין ליבינקע, האָט אודי זי צוגעצויגן צו זיך, איך בין

גרייט צו רעזיגנירן פון אַ סך באַקוועמלעכקייטן, אויב נאָר דו וועסט מיטגיין מיט מיר! אין קיבוץ וועלן מיר געפינען די געגאַרטע רו וואָס וועט אונדז דערמעגלעכן זיך ווייטער צו אַנטוויקלען. די שטאָט איז צעפרעסן פון עגאָאיזם און איז אויסגעליידיקט פון יעדן געפיל. זי איז ווי דער פאַלשער גלאַנץ פון אַ שטיקל גלאָז וואָס ליגט אַנטקעגן דער זון.

✶

דער פרימאָרגן־שטערן האָט שעלמיש געפינקלט און דער ליכטיקער לבנה־סערפּ האָט שטיל זיך געהוידעט אין דער בלויקייט. די לאַנגע שפּיזן פון די פּאַלמען־ביימער האָבן עפּעס סודותדיק געטוליעט צו זיך. אַ לייכט ווינטל האָט אַרומגעשטיפט צווישן די ביימער און געטרונקען דעם פרישן טוי פון די בלעטער און גראָזן. נעבן טראַקטאָר האָט זיך געפּאָרקעט אודי און דאָס אייזערנע פערד, גלייך ס׳וואָלט אַרויסגעפילט אַ „פרעמדן״, האָט זיך געעקשנט מיט אַ געבייזערטן וואָי און נישט געוואָלט זיך רירן פון אָרט. נאָר פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ וואָרטשען, דאָס שטיקעניש האָט זיך באַפרייט פון דעם אַייזערנעם אינגעווייד און ווי אַ יינגער לאָשעק האָט זיך דער טראַקטאָר צעבריקעט איבער דער פעטער אויסגעבענקטער רויטער „חמרה״ ערד.

ווען ער האָט אַרומגעקרייזט דעם באָדן וואָס האָט זיך געצויגן העט ווייט אַראָפּ ביז צו די יינגע ערשט פאַרפלאַנצטע ביימעלער, האָט זיך די פרימאָרגנדיקע זון אַפּירגערוקט פון הינטער די בערג. דער לול האָט זיך געוועקט און דאָס פריילעכע קוואַקען פון די עופות האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם צעצויגענעם מוקען פון דער סטאַדע מעלה־גירהדיקע, האָלענדישע ראַסאָווע קי, וועלכע האָבן מיט געמאָסטענע טריט אָנגעהויבן זייער טעגלעכן שפּאַציר צו די פּאַשע פעלדער.

פון ווייטנס האָט אודי דערזען נילין, אַן איילנדיקע צו דער אַרבעט. זי האָט פריילעך געפּאָכעט צו אים מיט דער האַנד:

— אודי, להתראות!

אודי איז געשטאַנען אין אָנגעשפּאַרטער אויפן טראַקטאָר, גע־פילט ווי די לופט וואָס שטראָמט אַריין אין זיינע לונגען, שמעקט מיט פרישער צעדרויבלטער ערד וואָס ער אַליין האָט אָקאָרשט געעפנט. עס האָט אים באַהערשט אַ מאָדנע פרייד. אַלץ אין אים האָט געזאָטן, זיך צעשפּרייט, געשטויסן און געשפּאַרט. דוכט זיך אַז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער זיך געפילט נעענטער צו דער ערד, גלייך ער וואָלט געוועזן אַריינגעוואַקסן אין איר מיט ביידע פיס. אַ שפּאָגל־נייע וועלט האָט גענומען זיך אַנט־פּלעקן פאַר אים, אַ וועלט וואָס הויבט זיך אָן ביי אים אין האַרץ און ציט זיך ערגעץ־ווו אין דער ווייטקייט מיט פאַרביקייט און ליכט איבער ברייטע און בלויע האָריזאָנטן. — — —

## פֿאַרשטערטע פֿרייד

פֿאַרטאָג. די הייזלעך אין דער מעברה, וואָס טוליען זיך צו דעם כרמל־באַרג שטייען נאָך פֿאַרגליווערט אין דומפּיקייט און שלאָף. קליינע פֿאַרהאַנגענע שייבלעך קוקן שוואַרץ אַרויס אין דער פֿינצטערניש און דער הימל, ווי אַ טונקעלער שאַל מיט קליינע ווייסע טופּן, אַנגעהאַנגען אויף דעם באַרגיקן רוקן — וויקלט אַרום די הייזלעך מיט מאַמעשער זאָרג און צערטלעכקייט גלייך ער וואָלט זיי געשיצט פֿאַר די נייע ווייסע פֿירשטאָקיקע הייזער וואָס צעוואַקסן זיך דראָענדיק אויף דער גאַס.

פֿאַרטאָג. שטילקייט ליגט זיך רחבותדיק איבער שמאָלע שטע־געלעך, אַ קיל ימיק ווינטל גלעט אַרום די גראָזן און פֿאַרלירט זיך צווישן די צווייגן פֿון זקנישע איילבירטןביימער. אין דער דאָזיקער שעה פֿון מעת־לעת זענען דאָ די מענטשן נאָך פֿאַרנומען מיט פֿאַרענדיקן די חלומות־געוועבן וואָס עס שפּינט אויס דער אָפּגעפּרישטער מוח ביז די לעצטע מינוטן פֿון נאַכטיקער רו. דאַן צעזעגט זיך דאָס געקריי פֿון אַ האָן און עס רייסט זיך אָפּ אַ פּלוצעמדיקער געבילעריי פֿון אַן איבערגעשראָקענעם הונד. דאַמלט דערהערט זיך אויך אַ שאַרפֿע יללה פֿון קעץ אין די צעראָיעטע מיסט־קאַסטנס, פֿלינק נעמען קלעטערן באַנעגלטע פֿיס איבער קיילעכדיקע דעכער און דער געוועזענער קעמפֿ פֿון די „פּלעגמאַ־טישע דזשענטלמענער" וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעברה הויבט אָן אַרויסצוווייזן די ערשטע פֿרימאָרגנדיקע סימנים פֿון לעבן.

*

יאָסל האָט זיך איבערגעוועקט. ער נעמט זיך דרייען אויף דעם געלעגער, דאָס שמאָלע און קורצע סוכנות־בעטל סקריפּעט אונ־

טער מיט זשאַווערדיקן גרילץ. ער וויל וויסן די צייט אָבער אין צימער איז טונקל און פּאָר זיינע האַלב פאַרזשמורעטע אויגן וויַסלט זיך דאָס לייכט פאַרשוויצטע געזיכט פון רחלען, וואָס ליגט אַ צעוואַרעמטע מיט עטוואָס פאַרשאַרצטע ליפּן. ווען דער וועקער הויבט אָן צו קלינגען שטרעקט יאָסל אינסטינקטיוו אויס די האַנד צו דעם טאַבורעטל, וואָס דינט אים פאַר אַ נאַכט־טישל און שטילט אים גלייך איין. ער וויל נישט איבערוועקן פונעם פרימאָרגן־דרימל רחלען און דאָס טעכטערל ציפּעלע. קריכט ער פּאַרזיכטיק אַראָפּ פונעם בעט, שטעקט אָן די ווייכע שטעקשיך און נעמט זיך אונטער־סאָפּען שווערלעך און טיף מיט זיין פולער קיילעכדיקער נאָז.

ראַזירנדיק זיך ביי דעם שוואַכן שיין וואָס דרינגט אַריין דורכן פירקאַנטיקן פענצטערל, באַטראַכט ער דעם פליכעוואַטן קאָפּ זיינעם פון שטערן אויף אַרויף, ציילט איבער זיינע דריי טאַשמעס האָר און כאַפּט דערביי אַ בליק אויף רחלען וואָס נעמט זיך לעת־עתה איבערוועקן. רחלע טוט אַ טיפן אָטעם אָפּ און צעוואָרפנדיק אירע ווייכע הענט פילט זי ווי אָן אָנגענעמע מידקייט צעגיסט זיך איבער אירע גלידער... און זי דרימלט איין אויפסניי כדי צו „דערכאַפּן די זעט", ווי זי טוט עס נאָך אַ זאַטן מיטאָג מיט אַ שטירצל פרישן ברויט. —

יאָסל ווישט געלאַסן אָפּ דאָס ראַזיר־מעסער און אָפּפרישנדיק דאָס פּנים מיט קילן וואַסער, דערפילט ער אַ לייכט נאָגן ביים האַרצן. עס איז געווען אַ צייט ווען רחלע פלעגט אים נישט לאָזן אַזוי ניכטער אַוועקגיין צו דער אַרבעט. זי פלעגט אויפשטיין צוזאַ־מען מיט אים, פלעגט אָנצינדן די פּתיליה און מאַכן אַ גלאָז וואַרעמעס. זי פלעגט זיצן נעבן אים און שטיל, אין געשעפּטש אויספּלאַנירן איר טאָג:

— צוערשט פּאַרווייקט זי די וועש; נאָכדעם וועט זי אַ לויף טאָן אויפן מאַרק, ווייל דאָרט קאָסט אַלץ ביליקער ווי ביים מכול־תניק. זי מוז שפּאָרן אַ פיאַסטער דאָ און אַ פיאַסטער דאָרט. יאָ, שפּעטער וועט זי צעוואַשן די פּאָר שטיקלעך, איבערטרוקענען און

אויספּרעסן. און אַזוי גייט אַוועק דער טאָג מיט גאָרנישט. אומדאַנק־באַרע ווייבערישע אַרבעט.

יאָסלען פּלעגט שטענדיק באַהערשן אַזאַ מאָדנער געפיל, עפּעס אַ מין בענקעניש געמישט מיט פּאַטערלעכער זאָרג. עס האָט זיך אים געדוכט אַז ער איז רחלען עפּעס שולדיק. אַז ער דאַרף איר מיט עפּעס העלפן, שטענדיק העלפן. און נאָך איידער ער איז אַוועק צו דער אַרבעט האָט ער שוין געוואָלט זיין צוריק אין דער היים נעבן רחלען... אָפט ווען רחלע פּלעגט זיך באַקלאָגן אויף דער ענגשאַפט אין דער מעברה, פּלעגט ער נעמען זי טרייסטן:

— נו, נישט געזאָרגט רחלע, באַלד, באַלד, ס׳פּעלט אונדז נאָר אַ קלייניקייט. אַזוי גיך ווי מיר וועלן אָפּשפּאָרן די נייטיקע סומע, וועלן מיר פאַרלאָזן די מעברה מיט איר ענגשאַפט און מיר וועלן אַריין אין אַ נייעם שכון. דאָרט וועט זיין ליכטיק, גרויס און באַקוועם. האָב נאָר אַביסעלע געדולד, רחלע, אַביסעלע געדולד!

יאָסל אַרבעט איצט אַלס ברויט־צעפּירער ביי פּאַליקן אין בעקעריי. נישט לייכט איז אים אָנגעקומען אַריינצוכאַפּן זיך אין דער בעקעריי — כאָטש פּאַליק איז רחלעס אַ בן־עיר און ער האָט אויך געקענט אירע פאַרשטאָרבענע עלטערן. ווען זי האָט פאַר אים פאַרגעשטעלט יאָסלען, האָט פּאַליק לאַנג געמאָסטן מיט די אויגן זיינע מוסקולן און מיט וואַקלעניש געזאָגט:

— קומט מאָרגן אויף פּראָבע.

*

יאָסל איז פון דער היים אַ ישיבה־בחור. אין קאָלכאָז, אויפן אוראַל, האָט ער זיך אויסגעלערנט צו פירן אַ מאַשין. דאָרט האָט ער אויך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט רחלען. זי איז געווען אַ יינג באַשיידן מיידל, אַ יתומה וואָס האָט זיך אויפגעכאָוועט ביי אַ מומע. יאָסל איז אַ סך עלטער פון איר, האָט ער געקוקט אויף איר מיט מיטלייד פון אַן עלטערן ברודער. ער האָט איר אָפט אַרויסגעהאָלפן אין אַ שווערער אַרבעט. ווינטער ווען זי פלעגט וועלן אַרויסלויפן אין קאַלטן דרויסן אַזוי ווי זי שטייט און גייט,

פלעגט ער איר נאָכשרייען אַז זי זאָל אָנטאָן אַ וואַרעמען בגד. און ווען מיטקאַ, דער איבערגעוואַקסענער דאָרפס־יונג פלעגט זיך נעמען טשעפּען צו איר, פלעגט יאָסל זי באַפרייען פון זיינע גראָבע הענט. —

רחלע האָט יאָסלס באַציונג צו איר פאַרשטאַנען אַנדערש און זי האָט אַלע מאָל געזוכט אַ געלעגנהייט צו זיין מיט אים פון דער נאָענט. ביי דער אַרבעט און ביי די קאָלכאָז־פאַרזאַמלונגען האָט זי תמיד מאַנעווורירט צו זיין נעבן אים. אין די אָוונטן, ביים לייענען אַ בוך צי אַ צייטונג, פלעגט זי זיך צורוקן צו יאָסלען.

יאָסלען איז קלאָר געוואָרן אַז די קליינע איז נישט גלייכגילטיק צו אים און כאָטש ער האָט טיף ביי זיך אין האַרץ געפילט דאָס אייגענע — האָט ער נישט געוואָגט דאָס צו ברענגען פאַרן מויל. אַ טיפע ערנסטקייט האָט זיך פאַרצויגן אויף זיין פנים — ער האָט זיך לאַנג געקווענקלט, זיך געשלאָגן מיט דער דעה, געטראַכט אַז דער אונטערשיד צווישן זייער עלטער איז אַ צו גרויסער; אַז ס׳איז מלחמה־צייט, אַז מענטשן האָבן חתונה סתם, נישט באַרעכנט און... און בכלל...

אָבער רחלע האָט אים איינמאָל פעסט און אַנטשלאָסן אָנגענומען פאַרביידע הענט, ערנסט און לאַנג אים געקוקט אין די אויגן און געזאָגט: — הערט, יאָסל, ביי מיינע זיבעצן יאָר בין איך שוין אַ דערוואַקסענע פרוי. איר זענט טאַקע עלטער פון מיר אָבער איר געפעלט מיר... און ווען איך זע אייך נישט אַ פּאָר טעג בענק איך נאָך אייך...

דאַמלט איז יאָסל אַן איבעראַשטער פון איר ערנסטער אָפנהאַרציקייט געוואָרן צעמישט. דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ. ווי קעגן זיין ווילן האָבן זיינע הענט זי אַרומגעכאַפּט, צוגעדרוקט צו זיך און זיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט:

— רחלע, רחלה... איך אויך... אויך איך בענק נאָך דיר... איך האָב נאָר ביז איצט נישט געהאַט די דרייסטקייט וועגן דעם צו טראַכטן.. דו געפעלסט מיר און אויב דו ביזט מסכים...

אַ לאַנגע שנייאיקע ווינטער־נאַכט האָט דאַמלט געפּראַסטיקט דעם הויך פון זייערע ליפּן...

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, ווען יאָסל האָט זיך איבערצייגט אַז רחלע קאָן נישט פאַרשוואַנגערן, האָט ער טיף אין זיך געטראַכט אַז אפשר דאַרף עס אַזוי זיין: גם זו לטובה! — האָט ער זיך געטרייסט. קודם כל איז נאָך מלחמה. מען ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען און עס פעלט נאָך אַן אייגן זיכער ווינקל.

רחלע פלעגט אַ שולדיקע קוקן אויף אים מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. און ווען דאָס מאַמע־געפיל פלעגט זיך ביי איר אָנטפלעקן, ווען עס פלעגט איר אָנכאַפּן אַ באַגער אַ שטיף צו טאָן מיט עמעצן, צוצודריקן עמעצן שטאַרק צו דער ברוסט — האָט זי זיך שטיל אויפן קישן אויסגעלאַדן פון די טרערן וואָס פלעגן זי נעמען שטיקן אין האַלדז און שפּעטער געפינען אַ טרייסט אין יאָסלס אָרעמס.

יאָסלס אויגן וואַנדערן איצט ווידער פון רחלען צו דער קליינער ציפּען: געדיכטע געלע לאָקן זוימען אַרום דעם קינדס פּנימל און דאָס קליינע פאַריסענע נעזל אָטעמט טיף אַריין די פאַרדומפּענע צימער־לופט. ער וויל עס נישט איבערוועקן מיט זיין בליק אָבער ער קען זיך פון דעם נישט אָפּרייסן.

ציפּעלע איז געבוירן געוואָרן אויפן דריטן יאָר נאָך זייער קומען אין לאַנד אַריין. עס איז געווען אַ גרויסע איבעראַשונג פאַר אַלעמען. וואָס אַן אמת האָט יאָסל שוין לאַנג שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז רחלע איז אַן עקרה. אַ סך מענטשן מאַכן שלום מיטן גורל און נעמען דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז. און ווען רחלע האָט פּלוצעם דערפילט אַן ענדערונג אין איר קערפּער — האָט יאָסל מיט נייגער גענומען דערוואַרטן און ציילן די טעג. ער האָט געהאָפט אויף אַ קדיש, אַ המשך. און ווען די מטפלת האָט אים ס׳ערשטע מאָל געוויזן דאָס פריש־געבוירענע נפשל, האָט זיך אים גלייך געוואָרפן אין די אויגן דער רויטער אָפּשיין פון די האָר אויפן קעפּל. „אַ דזשינדזשי" האָט ער געטראַכט — „אַ דזשינדזשי"

— און דערצו אַ מיידעלע... אים דאַכט זיך אַז אין זיין משפּחה האָט קיינער נישט געהאַט קיין רויטע האָר...

און רחלע איז געווען גליקלעך, אין זיבעטן הימל ממש, ווען די קליינע ציפּעלע האָט אַ צעשמייכלטע, מיט די ערשטע צוויי ציינדעלעך, איר אָנגעכאַפּט פאַר דער באַק און מיט די קליינע פויסטעלעך געקלאַפּט איבער דעם פּנים:

— אמא! אמא!

גאַנצע טעג פלעגט זי אַרומטראָגן די קליינע אויף די הענט. דאָס אויסגעבענקטע האַרץ האָט ענדלעך געפונען דעם נאַטירלעכן אָביעקט פאַר מוטערלעכער ליידנשאַפט. —

— זעט נאָר מענטשן! — פלעגט זי אויסרופן מיט עקסטאַז — קוקט נאָר אָן דאָס ליכטיקע פּנימל פון מיין נחת׳ל! די זון שײַנט דאָך פון איר אַרויס.

יאָסל האָט ליב געהאַט דאָס קינד אפילו ווען ער האָט אָנגעהויבן דערפילן אַז דאָס נייע רויט־האָריקע ווען, וואָס האָט מיט רעש און געפילדער אָנגעפולט דאָס דומפּיקע צימער — האָט רחלען פון אים דערווייטערט און אים, יאָסלען, אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, גלייך ער וואָלט גאָרנישט עקזיס־טירט. אַ בייסיקער פאַרדראָס האָט זיך פאַרקליבן אין זיין האַרץ און אַ פראַגע האָט אָן אויפהער אים געעקבערט אין מוח — פאַרוואָס איז זיין רחלע מיטאַמאָל אַזוי קאַלט געוואָרן צו אים? אָפּט האָט זיך אַפילו עפּעס אַ גאָר מיאוסער געדאַנק אָנגעזועצט אויף אים: ווער ווייסט? היינטיקע צייטן — היינטיקע לייטן... רחלע איז שיין און יינג. און יינגע לייט לאָזן קיין געלעגנהייט נישט אַדורך... ער האָט אָבער באַלד אַזאַ געדאַנק פון קאָפּ פאַרטריבן: ניין, ניין, נישט רחלע! זי וועט זיך דאָס נישט דערלויבן... ס׳איז די קליינע, די רויט־האָריקע ציפּעלע — זי האָט פאַרנומען זיין אָרט אין רחלעס האַרץ... זי האָט רחלען געגעבן אַ נייעם אינ־האַלט אין לעבן, אַ נייעם אינטערעס... אירע האָריזאָנטן ווערן פאַר־ברייטערט און אים ווערט די וועלט אַלץ ענגער און ענגער...

אָבער דאָס איז זיין באַשערטקייט און דעריבער דאַרף ער זיך צופרידנשטעלן מיט דעם וואָס רחלע איז גליקלעך...

אַ שווערער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון יאָסלס האַרץ, ער איילט זיך שוין צו דער אַרבעט נאָר ביי דער טיר בלייבט ער שטיין און כאַפּט אַ קוק צו רחלען. רחלע ליגט אין בעט און קוקט שטאַר פאַר זיך, גלייך ער וואָלט געוועזן אַ שאָטן וואָס האַלט זיך אין אַרויסגליטשן דורך דער טיר. דאָס האַרץ טוט אים אַ קלעם: הײַנט איז דאָך אַ גרויסער טאָג ביי זיי — זיי גייען דאָך היינט אַריבער אין שכון! שטענדיק האָט ער געדענקט אַז דאָס וועט זיין דער גליקלעכסטער טאָג אין זייער לעבן: ענדלעך וועט מען קענען מענטשלעך אָפּעטעמען, זיך פריי אַ באַוועג טאָן און כאַפּן אַ לייכטן דרימל אויף אַ וויג־שטול אויף דער מרפסת. ענדלעך וועט רחלע זיך מער נישט דאַרפן באַקלאָגן אויף דער ענגשאַפט. נייע צימערן, גרויסע, ליכטיקע — ס׳וועט איר ליכטיקער ווערן אין די אויגן! און אפשר, אפשר דאָרט, אין נייעם שכון, אין דער ליכט וועט זיין רחלע צוריק אָנהייבן זען אים, יאָסלען... ער וואָלט זיך איצט וועלן פרייען מיט איר צוזאַמען, זאָגן איר אַ צערטלעך וואָרט נאָר ווען ער דערזעט איר שטאַרן בליק פאַרפּרירן אים די ווערטער אויף דער צונג. עפּנט ער לאַנגזאַם די טיר און שטייענדיק אויף דער שוועל רופט ער זיך אָן:

— רחלע, קאָנסטו זיך היינט אפשר באַפרייען אַביסל פריער? איך האָב געבעטן מאירן, דעם טרעגער פון פּאָרט, צו העלפן אונדז ביים איבערפירן די זאכן.

נאָר רחלע, קוקנדיק צו דער סטעליע, זאָגט אומגעדולדיק און בייז:

— שאַ... שטילער, וועק נישט איבער דאָס קינד!...

יאָסל שאַרט זיך אַרויס שטיל ווי אַ קאַץ. עפּעס איז אים זייער קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. כושי, דער שוואַרצער כלב, וואַרפט זיך האַסטיק צו זיינע פיס און יאָסל גלעט אים איבער דער נאַסער מאָרדע.

— שטילער, כושי, שטילער! וועק נישט איבער דאָס קינד! דיין פּאַרציע וועסטו שפּעטער באַקומען.

נאָר דער הונט פּלאָנטערט זיך אים לאַנג פאַר די פיס, שטענדיק באַגלייט ער אים ביז יאָסל שרייט אויף אים אָן און דאַמלט קערט ער זיך אום צוריק מיט אַ געפּילדער און מיט אַן הויך־פּאַריסע־נעם עק.

ביי דער בעקעריי וואַרט שוין פאַליק מיט אַ גיפטיקן בליק אין די אויגן:

— וואָס איז געשען יאָסל? וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרשפּע־טיקט? שווער געווען זיך אָפּצורייסן פונעם יינגן ווייבל? האַ?

פאַליק שפּיצט אָן אויף אים זיינע שפּאָטישע אויגעלער און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער נעמט ער אים אונטערטר׳ייבן:

„נו, דער טאָג שטייט נישט, יאָסל! יאַללאַ, יאַללאַ!"

יאָסל שווייגט. ער האָט נישט די דרייסטקייט אָפּצוענטפערן זיין ברויט־געבער. ער הערט אָפּט אַזעלכע בייסיקע ווערטלעך פון אים און אויך פון די שכנים אין דער מעברה. זעט אויס אַז מענטשן האָבן שטענדיק ליב אָפּצושפּאָטן פון יענעם, אַריינקריכן אין די גרגרות אַריין, מאַכן יענעם צו גאָרנישט כדי אַליין אויסצוזען העכער. יאָסל שלינגט אָפּט אַראָפּ אַזאַ באַמערקונג אָבער טיף אין האַרצן טרעפט עס ווי אַ פייל און מאַכט ביי אים אַ טיפע ווונד. אין דרויסן מאַכט ער אַן אָנשטעל אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג, גיט אַפילו אַ שמייכל אָבער פילן פילט ער דאָך אַז ס׳איז נישט דאָס וואָס געווען...

רחלע לעבט שוין אַ לענגערע צייט מיט אַ גאַנץ אַנדער לעבן. זי איז געוואָרן עפּעס מער פאַרשלאָסענער אין זיך. טיילט זיך זעלטן מיט אים מיט אירע פּלענער און געדאַנקען. זי גייט אַרום אָנגעפּולט ווי מיט עפּעס אַ סוד. זייט זי האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי מאַקסן אין פריזיר־אַנשטאַלט אויף עיראַק־גאַס — איז זי געוואָרן אַפילו גראָב צו אים, נערוועאיש און פאַר דער מינדסטער זאַך — רעגט זי זיך אויף און כעסט זיך. אָפּט גייען אַוועק טעג

און זיי פאַרבייטן אַפילו נישט קיין וואָרט צווישן זיך. זי האָט אָנגעהויבן זיך פאַרבן די ברעמען און מאַניקירט אויס די נעגל פון הענט און פיס. און יאָסלען דוכט זיך אַז זי טוט עס אומיסטן, כדי דער קאָנטראַסט צווישן זיי זאָל ווערן נאָך שאַרפער. מיט איר'ע טונקעלע שוואַרצע האָר, ברענענדיקע אויגן און אויסגעראַזירטע ברעמען קעגן זיין פליכעוואַטן קאָפּ, פולער נאָז און צעאַקערט פנים — זעט רחלע אויס ווי די יינגסטע טאָכטער זיינע.

אָפט, נאָך דער אַרבעט, טרעפט ער רחלען נישט אין דער היים. שושנה דער שכנטעס מיידעלע שפּילט זיך מיטן קינד און רחלע פאָרעט זיך ערגעץ מיט אירע קליענטקעס. און יאָסל טראַכט אַז פאַר זיין פריזירערין איז ער איצט נישט מער ווי אַ שטיטל וואָס מען טוט אָן פאַר מענטשן און מען וואַרפט אַוועק ווען מען דאַרף עס נישט מער...

וואַרפט יאָסל דאָס וואַרעמע געבעקס אין טענדער אַריין אַ שווייגנדיקער. פאַליק הערט אַוודאי נישט זיינע געדאַנקען. שטיל פאַרבייסט ער די ליפּן, פאַרציט טיף דעם בלויען רויך פונעם פּאַפּיראָס, זעצט זיך ביים רעדל און דאָס וואָרקען פונעם טענדער־מאָטאָר טראָגט אים אַוועק אויפן פייכטן אַספאַלט.

עס טריפט אַ לייכטער רעגן און דורך דער נאַסער שויב פונעם טענדער זעט אים אויס די גאַס אַביסל אויסטערליש. ער באַמערקט ווי אַ ווייסער אַרבל הויבט זיך אויף דראָענדיק אין דער לופטן. זייט לאַנגע יאָרן האָט יאָסל קיין שום באַמערקונג נישט געהאַט נאָך דער פאַרקער־פּאָליציאַנט וואָרנט אים מיט אַ בייזער שטים:

— אדוני! דו פאַרגעסט אַז דו פאָרסט אין שטאָט אויף גאַנצע אַכציק קילאָמעטער אַ שעה!

יאָסל איז זיך מתנצל. עס טרעפט אַמאָל. ער ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס. ס'וועט מער נישט פּאַסירן.

און ער נעמט פאָרן לאַנגזאַמער אָבער די שפּאַנונג אין אים וואַקסט. ער וואָלט וועלן דער טאָג זאָל שוין אַוועק וואָס שנעלער.

ער האָט דאָך אַזויפיל זאַכן צו דערליידיקן! און דאָס וויבטיק־סטעג — היינט ווערט ער פּטור פון דער מעברה: „משנה מקום — משנה מזל”. אפשר וועט רחלע זיך צוריק ענדערן. אפשר וועט זי זיך פילן בעסער אין דער נייער דירה, אויסגערוטער און די נערוועזיטעט וועט פון איר אָפּטרעטן. ווי עס זאָל נישט זיין קען זי מיט דער צייט איינאָרדענען אַ פּריזיר־אַנשטאַלט ביי זיך אין שטוב און זי וועט פּטור ווערן פון מאַקסן אויף עיראַק־גאַס...

רחלע דערציילט שטענדיק אַז ער איז אַ שווערער מענטש, אַן אויסנוצער און אַ פּרויען־יעגער. קיינער קאָן ביי אים לאַנג דאָס אָרט נישט אָנוואַרעמען און די מיידלעך וואָס אַרבעטן ביי אים, פאַרלאָזן דעם אַנשטאַלט נאָך אַ פּאָר חדשים... ס׳איז באמת אַ ווונדער וואָס רחלע אַרבעט שוין ביי אים דאָס דריטע יאָר... יאָ, זי וועט אויך נישט דאַרפן מער אין די אָוונטן אַרומלויפן צו די קליענטקעס אירע...

דער רעגן האָט שוין לאַנג אויפגעהערט, די זון פאַרעט איצט האַסטיק דעם אַספאַלט און יאָסל כאַפּט זיך אַז די ווישערס אויף דער שויב אַרבעטן נאָך אַלץ.

— ס׳איז נישט גוט — טראַכט ער — מ׳דאַרף זיך נעמען שטאַרקער אין די הענט אַריין.

✶

די לעצטע שטראַלן פון דער זון הענגען איבערן כרמל און פאַרבן אָפּ מיט גאָלד דעם רוקן פונעם באַרג. אַ גרינער הויך טיילט זיך אויס פונעם ווילד צעוואַקסענעם גראָז און דאָס פייַכטקייט אין דער לופט ווערט פאַרשטאַרקט דורך דעם קילן שאַרפן ווינטל.

יאָסל האָט היינט פריער ווי שטענדיק פאַרענדיקט די אַרבעט. פאַליק האָט אים דערלויבט אויסצונוצן דעם טענדער, האָט ער דעריבער מיטגענומען מאירן דעם פּאַרט־אַרבעטער מיט זיך און איצט איילט ער זיך אַהיים. ער רעכנט אַז רחלע וואַרט שוין אויף אים אומגעדולדיק.

אַ האַסטיקער ברעקס פאַרהאַלט אים אויפן כביש פּאַר זיין

ווינונג. אַלץ איז היינט ביי אים מיט נערוון, נישט ווי געוויינלעך. יאָסל שפּרינגט אַרויס פון טענדער און שפּאַנט מיט שנעלע טריט צו דער טיר. ער כאַפּט אָן האַסטיק די קליאַמקע און שטופּט ענערגיש די טיר פאָרויס. די טיר איז פאַרשלאָסן. הייסט עס, אַז רחלע איז נאָך נישטאָ אין דער היים. נאָך נישט געקומען. און ער האָט דאָך זי היינט בפירוש געבעטן אַהיים קומען אַביסל פריער. אָבער פאַרוואָס איז די טיר פאַרשלאָסן? דאָס טרעפט דאָך זעלטן. ווו איז שושנה מיט ציפּעלען? ער הייבט אָן נישטערן אין די טאַשן, ער זוכט דעם שליסל. אָבער ער האָט גראָד היינט גענומען דעם רעגנמאַנטל און די שליסלען זענען פאַרבליבן אין דעם זשאַקעט. ער פּרובירט ווידער די טיר מיט כוח אָבער אָן דערפאָלג. אַ בייזקייט צעגיסט זיך אים אין די געבליטן, אַ פאַרדראָ־סיק געפיל פון אַ מענטשן וואָס באַגעגנט אַ לאַנג נישט געזעענעם פריינד און אָנשטאָט אַ וואַרעמען שלום־עליכם — שטייט יענער מיט די הענט אין די טאַשן.

פון אינעווייניק דערטראָגט זיך דאָס וויינענדיקע בילן פון כושין. דער הונט רייסט און דראַפּעט די טיר און יאָסל שטייט אַ ווײַלע אַ צעמישטער, ער פאַרלירט זיך אונטערן שאַרפן נייגע־ריקן בליק פון מאירן. ער נעמט זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן און באַמערקט אַז דאָס פּאָסט־קעסטל איז צעעפנט. ער טרעפט דאָרט דעם שליסל איינגעוויקלט אין פּאַפּיר. דאָס באַרויקט אים נישט, להיפך, דער אומרו נעמט אין אים וואַקסן... וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן? אפשר איז ציפּעלע פּלוצעם קראַנק געוואָרן?

מיט צידערדיקע הענט שטעקט ער אַריין דעם שליסל, טוט אַן עפן די טיר און בלייבט שטיין אַ דערשטוינטער אויפן שוועל. דער שאַנק איז צעעפנט און עס הענגען דאָרט זיינע מלבושים... אויף די נישט פאַרבעטע בעטלעך וואַלגערט זיך אין אומאָרדנונג זיין אונטערוועש, אויף דער פאָדלאָגע ליגן צעזייט זיינע שיך... „אפשר אַ גנב"? — גליטשט זיך אים אַ דורך אַ געדאַנק אין מוח. כושי וואַרפט זיך אימפּעטדיק צו אים, שפּרינגט אַרויף מיט די

פאַדערשטע לאַפּעס אויף זיין ברוסט, פּישטשעט דאָ טרויעריק דאָ פריידיק — און לעקט אים אַרום מיט דער פייכטער צונג.

יאָסל דערשפּירט אַ לייכטן שווינדל אין קאָפּ, פאַר די אויגן דרייען זיך אים גרויסע ליכטיקע רעדער וואָס לעשן זיך אויס און צינדן זיך אָן און ער לאָזט זיך אַ מידער אַראָפּ אויפן בעט. ווען ער עפנט אין אַ ווײַלע אַרום די אויגן, שטייט מאיר איבער אים מיט אַ גלאָז וואַסער:

— יאָסל, מאַך זיך נישט נאַריש! שפּיי אויס אויף איר, אויף דער נקבה!...

יאָסל קוקט זיך אַרום און הויבט אָן קומען צו זיך. ער נעמט עפּעס וואָס באַגרייפן, ס׳הייבט אים אָן עפּעס קלאָר ווערן, ער דערפילט זיך ווי אַ מענטש וואָס איז אַ לעבן לאַנג אַרומגעגאַנגען אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ חלום — און אַ פלוצעמדיקער שטראַל האָט אים איבערגעוועקט און אַרויסגעפירט פון דער פינצ־טערניש.

פאַר אים וואַלגערט זיך דאָס צעקנייטשטע פּאַפּיר אין וועלכן ס׳איז איינגעוויקלט געווען דער שליסל. ער האָט עס פריער אין איילעניש אַוועקגעוואָרפן אָן חשד, אָבער איצט נעמט ער עס צוריק אין די הענט אַריין מיט נייגער. ער פירט עס צו נאָענט צו די אויגן ווייל די טונקלקייט אין צימער שטערט אים צו לייענען.

„יאָסל איך גלויב אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין און מוחל זיין. מער קאָן איך נישט פירן קיין דאָפּלט לעבן. עס איז בעסער פאַר אונדז און אויך פאַרן קינד ווען עס וועט געניסן פון דער וואַרע־מקייט און שוץ פון דעם ריכטיקן טאַטן...
רחל“

דער שווייס וואָס האָט באַדעקט זיין מידן קערפּער נעמט אויסטרוקענען ווי ער וואָלט אויסגעדעמפּט אונטער דעם האַסטיקן קלאַפּן פון זיין האַרץ. די ווערטער זעען אים אויס אַזעלכע פּשוטע,

נאָענטע, ערנסטע אַזוי ווי רחלע איז שטענדיק געוווינט געווען צו רעדן צו אים אַמאָל. נאָר פאַרוואָס האָט זי מיט אים נישט גערעדט דערפֿון די גאַנצע צייט? עס וואָלט דאָך געווען פיל יושרדיק פון איר זייט און פאַר אים פיל לייכטער צו באַנעמען. נאָר איצט... וואָס וועלן זאָגן שכנים און די בייזע־צונגען פון דער גאַס?

— פטור געוואָרן פון דעם אַלטן... נישט פאַר דיר אַזאַ יינגע ציג!...

יאָסל דריקט אין האַנט דאָס שטיקל פאַפיר, די שולטערן לאָזן זיך אַראָפּ און די פּלייצע הויקערט זיך איין ווי אַ גרויסער פראַגע צייכן.

דער הונט טוליעט זיך אַריין אין זיינע אָרעמס גלייך ער פילט אַז זיין נאָענטקייט איז איצט זייער נויטיק פאַר זיין באַלעבאָס און יאָסל זיצט אַזוי אַ פאַרשטאַרטער מיט אַ פאַרלוירענעם בליק.

אין צימער איז טונקל און די נעאָנען פון דער גאַס וואַרפן ווייסע ליכטיקע פלעקן אויף דער פאָדלאָגע.

# גורל

די שוועסטער שולע איז געווען בקרבת דעם שפּיטאָל. די קליינע ווייסע צימערלעך מיט דעם זויבערן בעט־צייג, דאָס ליכטיקע באָד־צימער מיטן טואַלעט, דער געראַמער עס־צימער — האָבן אָנגעהויבט עפּעס אַ מין שטילע פייערלעכקייט אין האַרצן. יפהן איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן, עפּעס שענערס האָט זי אין לעבן קיינמאָל נישט געזען.

ווען יפה רוט זיך אָפּ פון די לעקציעס — ליגט זי אַן אויסגעצויגענע אויף איר בעטל און די געדאַנקען טראָגן זי אַוועק מיט לופטיקע פליגל.

די יאָרן פון איר פריסטער קינדהייט זענען ערגעץ ווו פאַרשוווּנדן אין די ענגע שמוציקע געסעלעך פון דער פּערסישער הויפּטשטאָט. אַ קיילעכדיקע יתומה, האָט זיך יפה אויפגעבאָוועט ביי איר עלטערער פאַרהייראַטער שוועסטער. גאָר אָפט פלעגט זי הערן אַז ווייט, ווייט איבער די בערג, איז פאַראַן אַ לאַנד וואָס די זון באַשיינט כמעט אַ גאַנץ יאָר און דער הימל איז דורכזיכטיק־בלוי.

דאָס קליינע הערצעלע האָט אין דער שטיל אויסגעבענקט די טעג און די נעכט ביז אַ ליכטיקער פרימאָרגן האָט זי איבערגעוועקט אויף אַ ציכטיקן געלעגער אין אַ קיבוץ אינעם עמק. זי האָט דאַן ברייט צעעפנט אירע טונקעלע אויגן און אויף די ליפּן איז געוואָרן פאַרגליווערט אַ געשריי פון פרייד:

— אָך, מאַמע!

ווען די עלטערע שוועסטער האָט געוואָלט יפהן נעמען צו זיך — האָט זי זיך געוועהרט, אָפּגעפילט בחוש אַז זי דאַרף פאַרבלייבן אין קיבוץ. אַלץ איז פאַר איר געווען ניי און רייצנדיק־אינטערעסאַנט. די קליינע פּירקאַנטיקע הייזלעך מיט די רויטע דעכער,

דאָס געדיכטע גרינס מיט די פאַרביקע בלומען וואָס וויקלען זיך אויף די ווענט, דאָס קאָלעקטיווע מאָלצייט, די בייטאָגעדיקע און ביינאַכטיקע אויספלוגן, די טיילווייזע פעלד־אַרבעט, די טענץ, געזאַנג און דאָס לערנען אין אולפּאַן. דאָס אַלץ איז איר פאָרגע־קומען מאָדנע פרעמד אָבער גאָר שנעל האָט זי טיף נשמהדיק אויפגענומען די נייעווירקלעכקייט, געוואָרן אַריינגעוואַקסן ווי אַ פלאַנץ וואָס באַקענט זיך צום באָדן, נעמט אויף זיינע זאַפטן כדי צו קענען שפּעטער מיט פיל דאַנקבאַרקייט באַלוינען מיט פאַרטי־קער פרוכט. — — —

דער קיבוץ האָט יפהן טאַקע געשיקט לערנען אין דער שוועס־טער־שולע. ווען זי וועט ענדיקן דאָס לערנען וועט זי זיין אַ שוועס־טער אין דער קיבוצישער אַמבולאַטאָריע. זי וועט אויך באַדינען דאָס קינדער־היים וואָס זשומעט ווי אַ בין־שטאָק. זי האָט דאָך אַזוי שטאַרק ליב די קליינע עופעלעך מיט די פולע אָפּגעברוינטע פּנימלעך, די פּיצעלעך וואָס קענען אַזוי שיין שטיפן און לאַכן אויפן קול. דער געדאַנק אַז זי וועט ווערן אַ נוצלעכער מענטש פולט איר אָן מיט זודיקער לעבעדיקייט. —

יפה האָט געבליט. דער אייגעצויגענער ווייסער כאַלאַט האָט איר צוגעגעבן אַ ספּעציעלן חן, בולט געמאַכט די אַלע טיילן פון פּרוויישן קערפּער וואָס רייצן דאָס מענערישע אויג און צווינגען זיך אָפּצושטעלן און נאָכקוקן מיט אַן אויסגעדרייטן קאָפּ. דאָס שטייף־געפּרעסטע שוועסטער־היטעלע איז פאַרשייט געלעגן אויף אירע געדיכטע שוואַרצע געקרויזטע האָר, די לאַנגע ווייס האָבן אין שעלמישן רייץ אָפּגעדעקט דעם פייערבליץ פון אירע טונקעלע אויגן. זי פלעגט פילן די גיריקע בליקן פון אַלע זייטן. זי איז געוואָרן דאָס ליבלינג פונעם שפּיטאָל:

— שוועסטער, ווי שפּעט איז שוין?

— שוועסטער, מיר קומט פון דיר אַ פּיל!

— שוועסטער און מיר — אַ גלאָז טיי!

עס האָט איר געשמייכלט, זי האָט פאַרשטאַנען דעם נישט דער־

זאָגטן מיין אָבער מיט אַ ביסל איבערגעטריבענעם שטאָלץ האָט זי אָפּגעהאַלטן יעדן דרייסטערן פאָרשלאָג. מעגלעך אַז אַ געוויסער אינסטינקטיווער זעלבסט־שוץ געפיל וואָס איז אייגן פאַר אָפּגע־שטאַנענע און שוואַכע — האָט זי געוואָרנט און מיט איר גע־פירט ביז —

אין אַ געוויסן פרילינגדיקן פרימאָרגן ווען יפה האָט ווי גע־ווינלעך פאַרבייגעשוועבט דעם לאַנגן קאָרידאָר, האָט אַ קלינגענ־דיקע שטימע זי פאַרהאַלטן: .

— שוועסטער, זייַ מוחל, אפשר קענסטו מיר ווייזן דאָס צימער נומער 12? כ׳וויל באַזוכן דאָרטן מיין חבר שאול.

זי איז געבליבן שטיין. העל־בלאָנדע האָר האָבן ווילייִנגעריש זיך געשויבערט, טיילווייז פאַרדעקט אַ הויך צעוואַקסענעם שטערן, פאַרקראָכן אין די טיף פאַרוקטע בלויע אויגן. די שאַרף געשניצטע, עטוואָס ברייטלעכע נאָז האָט געאָטעמט שנעל מיט העפטיקער ענערגיע, אָנגעזאָגט איבערגעלאָדענעם יוגנטלעכן אויפברויז.

פאַראַן מינוטן ווען אַ בליק רעדט מער ווי אַ וואָרט, ווען דאָס וואָרט איז לחלוטין איבעריק כדי איבערצוגעבן די געדאַנקען. אַ ווײַלע זענען ביידע געשטאַנען באַוועגלאָז און שווייגנדיק האָבן זייערע אויגן גערעדט. נאָכדעם האָט אים יפה אָנגענומען פאַר דער האַנט ווי מען נעמט אַ קליין אומבאַהאָלפן קינד און ביידע האָבן גענומען שפּאַנען מיט פריילעך צעשמייכלטע ליפּן. ערשט ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין צימער נומער 12 האָט יפה געזאָגט:

— איך בין אויך געגאַנגען בדיוק אַהער און דאָ איז ער דיין חבר.

— אַ שיינעם דאַנק דיר, שוועסטער, איך הייס פריד זיסקינד. אין אָוונט וועל איך ווידער קומען אַהער.

— און מיך רופט מען יפה. אַז דו וועסט קומען פרי וועסטו מיך דאָ נאָך קענען זען. —

✶

דער אָוונט איז צוגעפאַלן שנעל. אַ שטיל פרילינג־ווינטל האָט אָנגעיאָגט ריחות פון צעבליטער גרייפ־פרוכט. ווי אין אַ כישוף־מעשהלע האָבן זיך די צווייגן פון די ביימער אָנגעטאָן אין גרינס. דער ראָזער בעז האָט געהאַלטן אין בליען. פון דער פּאַנאָראַמע האָט זיך די שטאָט געזען אין איר פולער יום־טובדיקער פּראַכט, די ערדישע שטערן־לאָמפּן האָבן זיך פייערלער צעשאָטן איבער די גאַסן און געסלעך, זיך פאַרצויגן העט ווייט אויפן ים־אויסגוס אין פּרעכטיקע גלייכע ליניעס ווי שנירלעך ווייסע בלאַנקענדיקע פּערל.

— אַך, ווי שיין דאָ איז!

— ווי פּרעכטיק און אָנגענעם!

פריד זיסקינד האָט זי איינגעטוליעט אין זיינע אָרעמס און יפה איז כמעט ווי פאַרלוירן געוואָרן צווישן זיי. ערשט ווען אַ גאָלדענער פּאַס ליכט האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן הימל און ים — זענען זיי שטיין געבליבן פאַר דער טיר פון איר צימער. פריד האָט געגלעט איר האַנט און געקוקט אויף איר מיט בענקענדיקע אויגן. די זעלטענע נאַכט פון טיפער איבערלעבונג האָט גענומען וועקן אין זיי נייע געפילן און פאַרלאַנגען. — — —

★

ס'איז פאַר יפהן מער קיין ספק נישט געווען. פריד זיסקינד האָט זי געליבט מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען און אויך זי האָט אים געענטפערט מיט מיידלשן אייפער און צעצונדענעם פלאַם. אַ שאָד וואָס פריד זיסקינד האָט נישט מיט וועמען זיך צו טיילן, קען נישט קיינעם פאַרטרויען וועגן זיין גליק. זיין מוטער איז שוין עטלעכע יאָר נישטאָ צווישן די לעבעדיקע און פונקט דאַמאָלט ווען די נאַצישע בעסטיעס האָבן לאַנגזאַם אין סאַדיסטישן גענוס פאַר־פייניקט זיין פאָטער פריד זיסקינד — האָט דער שאַרפער געשריי פון דעם ערשטלינג באַפרייט די מוטער פון די שווידערלעכע ווייען. די מוטער האָט אין דאָזיקן צופאַל איינגעזען אַ צייכן פון אַ העכערן

כוח און גלייך פאַראייביקט דעם אָנדענקם פון דעם גאָטזעליקן מאַן דעם קדוש. פריד איז געוואָרן דער נאָמען פון איר זון. —

יפהס אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט פון טרערן. ווען פריד האָט פאַרענדיקט צו דערציילן האָט זי דערפילט אַז די פעדים וואָס בינדן זייערע הערצער ציען זיך דורך דורות־לאַנגן בשותפותדיקן שיקזאַל. — — —



דאָס לעבן אין קיבוץ האָט פרידן זייער פאַרכאַפּט. אויסער זיין אַרבעט. אַלס עלעקטריק האָט ער כסדר באַדינט גרופּעס טוריסטן. זיין איידעלע באַנעמונג, די קלאָרע שפּראַך און קלינ־געדיקע שטים — האָט אים פאַרשאַפט גרויס אויפמערקזאַמקייט. יפה, די יינגע אַמבולאַטאָריע־שוועסטער, האָט אויך זיך פאַרמאָסטן מיטן גאַנצן שוווּנג און ענערגיע. אָט, אָט, וועלן זיי איבערגיין אין אַ נייער באַקוועמערער וווינונג. די הייזלעך פאַר יינגע פּאָרלעך זענען שוין כמעט פאַרטיק. די לאַנג־דערוואַרטעטע האָפנונג טוט זיך אָן מיט בלוט און פלייש.

שוין אַ לענגערע צייט ווי יפה טראָגט אין זיך אַ סוד: עפּעס רירט זיך ביי איר פון אינעווייניק און ווען זי האָט פרידן איבעראַשט מיט איר אַנטפּלעקונג איז ער ממש אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד ווי אַ קינד:

— עס וועט אַוודאי זיין אַ מישלינג. בלאָנדע האָר מיט שוואַרצע אויגן!

טעג פון דערוואַרטונג, טעג פון האָפנונג און נייגער. יפה שטייט איצט אָפטער ביים שפּיגל און מעסט אויס איר פיגור. דאָס געוויינלעכע אָנטון טויג שוין נישט, טוט זי איצטער אָן אַ געראַמע געבלימט קליידל. אָפטמאָל כאַפּט זי זיך אַז זי איז פאַרטראַכט. זי וואָלט וועלן האָבן צום ערשטן אַ בכור — אַ יינגעלע. שפּעטער זאָל זיין וואָס גאָט וועט געבן — אין קיבוץ קען מען זיך דערלויבן אַ סך קינדערלעך. — — —

די פרייד פון דערוואַרטונג צעשפּאַרט איר דאָס האַרץ, צע־

שווימט אין אַלע גלידער, פולט אָן איר גאַנץ וועזן מיט ליבע צו אַלץ אַרום. יפה איז איצט גליקלעך ווי נאָר עס קען זיין אַ יינגע, געליבטע און ליבנדיקע פרוי.

*

דער דאָזיקער גורלדיקער טאָג האָט זיך אַפילו אויסערלעך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט פון אַנדערע טעג. אַ שווערע חמימה האָט געהויערט אויף דעם גאַנצן אַרום, געטרוקנט און אויסגעבלייכט די גראָזן. די לופט איז געשטאַנען אַ צעגליטע און אַ טראָפּן פײַכטקייט וועט פריד האָט דורכן ראַדיאָ אויפגענומען זיין מאָבי־ליזאַציע־צייכן. יפה איז אָן אַן אָטעם געקומען פון דער אַמבולאַ־טאָריע. אירע אויגן זענען געווען פייכט. אַ שווייגנדיקע האָט זי באַטראַכט פרידן, די אומגעריכטקייט האָט איר צוגענומען דאָס לשון. אמת, די טיילווייזע געשפּאַנטקייט פאַר די לעצטע וואָכן איז געווען אַ גענוגנדיקע סיבה פאַר זאָרג. אָבער כל זמן פריד איז געווען מיט איר — האָט זי זיך געפילט שטאַרק, באַשיצט אונטער זיינע ברייטע שילטערן. איצט אָבער האָבן פּלוצעם אַלע בלויע הימלען זיך פאַרצויגן מיט שוואַרצע דראָענדיקע וואָלקנס. דער אַלטער שונא פונעם נילוס טרייבט שוין זיינע חיילות דורכן זאַמדיקן מדבר, אויפן צפון שטייען שוין די סיריער באַוואָפנט ביזן די ציין און ירושלים איז באַדראָט דורך די קאַמפס־לוסטיקע ירדנער. און אַפילו ווען עס איז קיין ספק נישטאָ אַז צהל וועט אויך איצטער אַלעמען באַזיגן — ווייסט אָבער קיינער נישט ווי לאַנג דאָס קען דויערן. פריד איז געשטאַנען גרייט. אין די פריש־געפּרעסטע גרינע־בגדים, אין דעם וויין־רויטן בערעט און אין די הויכע געשנורע־וועטע שטיוועלעטן האָט פריד אויסגעזען נאָך שענער ווי אין ציוויל. אַ לייכטער שמייכל האָט פאַרדעקט זיין אינערלעכן אומרו:

— זיי געזונט, טייערינקע.

— קום געזונט, טייערער.

זיי זענען אַ לאַנגע ווײַלע געשטאַנען אַרומגעאַרעמט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. — — —

*

די זעקס־טאָגיקע מלחמה האָט שוין געהאַלטן ביים סוף נאָר פאַר יפהן האָט זיך יעדער טאָג געצויגן ווי אַ יאָר. דעם איינציקן גרוס פון פרידן האָט אַ חבר איבערגעגעבן טעלעפאָניש. אַ טיפער אומרו האָט זיך פאַרקליבן אין יפהס האַרץ. אויפן פינפטן טאָג ווען יפה איז געלעגן אין שפיטאָל אויף דער אָפּטיילונג פון די געווינערינס האָט אַ ספּעציעלער שליח פון צהל געבראַכט אין קיבוץ אַריין די אָפיציעלע מעלדונג:

„ביים אויספילן אַ ספּעציעלע וויכטיקע שליחות, איז דער פּאַראַשוטיסט פריד זיסקינד געפאַלן אין קאַמף מיטן שונא".

יפה האָט זיך דערפון ערשט דערוווּסט נאָכדעם, ווי די מילדות האָט איר צוגעטראָגן אַ גאָט־געבענטשטן זון מיט העל־בלאָנדע הערעלעך.

# די קאָרטנוואַרפערין

פאַראַן אין לעבן דערשיינונגען וועלכע בלייבן פאַרהוילן פונעם פאַרשטאַנד. לעבעדיקע מענטשלעכע וועזנס ווערן געוואָרפן ווי קינדערשפּילעכלעך אויף די פּאַליעס פונעם גורל. שטאַרקע כאַראַקטערן מיט פּרינציפּן ווערן צעשפּאָלטן ווי גלאָז.

*

דעמערונג. די לעצטע שטראַלן פון דער זון שפּאַרן דורך די וואָלקנס, גילדן אָפּ די שפּיצן פון די ביימער און שפּיזן אַדורך די שיטער־ווערנדיקע צווייגן. פונעם ים ציט זיך אַן האַרבסטיקע פייכט און הילט איין דעם אַרום מיט לייכטער געזאָלצענער גע־דעכעניש. דער הימל טוט זיך אָן אין גרוי און לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער צו דער ערד ווי ער זאָל זיך גרייטן אָפּצולאָדן אַ שווערן באַלאַסט.

אויף דער טעראַסע פונעם נייעם איינשטאָקיקן הייזל וואָס שטייט אויפן סאַמע ראַנד פונעם דאָרף, טונקלען זיך לייכטע סילועטן. ווי שאָטנס שוועבן זיי פאַרביי און אין שווייגעניש באַגרי־סן זיי זיך מיט אַ לייכטן שמייכל. יעדער איינער ווייסט שוין זיין באַשטימט אָרט און נישט פאַרלירנדיק קיין איבעריקע באַוועגונג, לאָזט מען זיך אַראָפּ אין די ווייכע, געבלימטע פאָטעלן. נאָר דער באַלעבאָס, דער אַגראָנאָם גדעון, דרייט זיך נאָך אַרום מיט אַ פרעגנ־דיקער מינע און מיט אַ ציטערנדיקער אומרווייקייט אין די אברים בעת זיין פרוי אירית טראָגט נאָך אַלץ דעם כבוד אויף אַ בלוי־סערווירטער טאַץ.

אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז אַלץ פון פאָרויס פאַר־פּלאַנט: די טעג און די שעהען פון די באַגעגענישן, דער מעניו פון די שטענדיק לייכטע נאָר פּיקאַנטע מאכלים און דער עיקר —

דער אינהאַלט פון די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען. דוכט זיך אַז אַלץ פּאַסט זיך היינט צו דער שטימונג אַרום. די לייכטע מיסטעריע פון דעם צופאַלנדיקן פאַרנאַכט, דאָס סודותפולע שורשען פון די צווייגן אינעם גאָרטן, די שאַרפע טרילן פון די פייגל — אַלץ איז דאָ מיט מערקווירדיקער האַרמאָנישקייט צוזאַמענגעגאָסן מיט „די סיורפּריזן אין דער נאַטור אָדער פּאָרויס באַשטימונג" — די טעמע פון דעם היינטיקן צוזאַמענטרעף. גדעון, שטייענדיק איצט אויף אַן אָרט, בייט איבער די פּיס פון אומגעדולדיקייט. ער פילט אָפּ די נערוועאישע אומרוייקייט פון אַלע געסט און פילט זיך אַביסל שולדיק פאַר דער פאַרשפּעטיקונג. שוין צום וויפלטן מאָל וואַרפט ער אַ בליק אויפן וואַנט־זייגער מיטן קוקו און האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט זאָגט ער אויפן קול:

— גבי מאַטערט זיך אַוודאי ביים אויסבינדן דעם קראַוואַט! ער האָט מיך פאַרזיכערט אַז זיבן אַ זייגער וועט ער זיין דאָ. עפּעס האָט מיט אים געמוזט פּאַסירן.

עס איז שוין געגוק טונקל אָבער מען צינדט נישט אָן קיין ליכט — דאָס געהער צו דעם פאַרפּלאַנטן סיורפּריז. ווען גבי וועט קומען וועלן פּלוצים אויפבליצן די לעמפּעלעך „ברוך הבא". גדעון האָט שטענדיק איינפאַלן וואָס מאַכן שטימונג. גבי איז זיין יוגנט־פריינד און אַ זייער אָריגינעלער יונג. ביי זיינע זעקס און דרייסיק זומערס איז ער נאָך פרייליידיק און היט אָפּ זיין „אייזערנעם פּרינציפּ" פון פּערזענלעכער פרייהייט. גבי איז דער הויפּט־אַגענט פון דער לעבנס־פאַרזיכערונגס געזעלשאַפט „הסנה" און איז אָקאָרשט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין אויסלאַנד. עטלעכע וואָכן האָט ער זיך ספּעציעל פאַרהאַלטן אין האָלאַנד כדי צו האָבן די זעלטענע מעגלעכקייט בייצוזיין אויף די סעאַנסן פונעם וועלט באַרימטן מעדיום פּרוי בראַנדאָן.

פרוי בראַנדאָן איז איינע פון די באַגאַבסטע העלזעעריגס אין דער וועלט און בעת גבי האָט איר געוויזן אַ קליינע גרופּן־פאָטאָגראַפיע פון זיינע חברים — האָט פרוי בראַנדאָן אויפן

אָרט געגעבן אַ ביז גאָר פּרעציזע כּאַראַקטעריסטיק פון יעדן באַ־
זונדער צוגעבנדיק דערביי אַ גאַנצע ריי פּאָרויסזעעענישן. גבי האָט
דאָן די דאָזיקע איבעראַשונג נישט געקענט איינהאַלטן אין זיך
און גלייך פון אַמסטערדאַם אָנגעקלינגען צו גדעונען. היינט וועלן
אַלע האָבן די געלעגנהייט אויסצוהערן אַלץ פונעם ערשטן קוואַל.

✶

... — גבי לאָזט לויפן די וואַרעמע וואַסער און זייפט איין
דאָס פּנים שוין צום ווייפלטן מאָל. עס דוכט זיך אים אַלץ אַז
דאָס ראַזיר־מעסערל איז שוין טעמפּ און לאָזט איבער די האַרטע
האָר פון זיין ביינערדיק פּנים.

שוין דאָס דריטע העמד וואַרפט ער אַוועק מיט פּאַרדראָס
און דאָס מיט די רויטע בלומען אויפן טונקל־שוואַרצן פּאָן —
דאָס פּאַסט אים איצטער אַמבעסטן. עפּעס פּוצט ער זיך היינט
צופיל. די ווינקלען ווייסלען זיך שוין און די עקן פון די שוואַרצע
וואָנסעס ווערן אויך שוין לייכט געהעלט. אָבער ער מוז היינט
אויסזען מענטשלעך. די עטלעכע וואָכן אין אויסלאַנד האָבן אים
געגעבן אַ סך געניוס אָבער האָבן אים אויך פּאַרמאַטערט. גבי
וואַרפט נאָך אַ בליק אין שפּיגל און רייבט איין מיט קרעם די פּריש־
געראַזירטע הויט. אַרויפּציענדיק די טונקעלע מאַרינאַרקע וואַנדערט
זיין בליק איבערן צימער. עס פילט זיך נאָך די טוכלעקייט פון
עטלעכע וואָכן פּאַרמאַכטקייט, זשורנאַלן און ביכער זענען צע־
וואָרפן אויף דעם רויטן טעפּיך, אַזוי האָט ער עס דאָ געלאָזן
פאַר זיין אָפּפאָרן. היינט — טראַכט ער — וועט זיין אַ גוטער אָוונט,
מען באַגעגנט זיך דאָך ביי זיין יוגנט־פריינד גדעון. מען דערוואַרט
פון אים צו הערן גאָר אינטערעסאַנטע זאַכן. היינט איז פּאַקטיש
זיין אָוונט. צווישן די טרוקענע פּאַרשריפטן און געזעצן פון לעבנס־
פּאַרזיכערונג — האָט ער געמוזט פּאַרוועבן בלומען פון דער פּאַ־
ראַפּסיכאָלאָגיע וועלכע גיבן אים דעם אמתן לעבנס־עליקסיר. אָן
דעם וואָלט זיין לעבן געווען גרוי און אָן טעם. ביי זיינע טיפע
נויגונגען צו איבערנאַטירלעכקייטן געפינט גבי אַ גרויסן אינטערעס

אין די לערעס וועגן כיראָמאַנטיע, היפּנאָזע און טעלעפּאַטיע אָבער אַממערסטן געפינט ער אַ באַפרידיקונג אין העלזוערײַ. באַזוכט ער דעריבער וויניקסטנס איינמאָל אין חודש זיין קאָרטנוואַרפערין פרוי בעלאַ.

און פרוי בעלאַ פאַרשטייט זייער גוט זיין פּסיכישן צושטאַנד און פאַר אַ שיינער מטבע מוטיקט זי אויף זיין זעלבסט־געפיל.

גבי וואַרפט איצט אַ בליק אויפן זייגער. גאַנץ מעגלעך אַז די געזעלשאַפט הויבט שוין אָן זיך צונויפצוקומען אָבער ער האָט נאָך צייט. בעלאַ קומט אים פּלוצים אַרויף אויפן זינען — ער וועט נאָך פריער אַ שפּרונג טאָן צו איר. זי האָט אַוודאי עפּעס נייעס. כאָטש זי האָט אים לעצטנס אָנגעמערקט אַז זי הויבט זיך אָן ביי אים צו איבערחזרן. — — —

ביי בעלאַן וואַרטן שטענדיק מענטשן אין דער ריי. גבי וואָלט וועלן בעטן מען זאָל אים אַדורכלאָזן אָבער ער פילט זיך נישט בכוח. ער איז שוין דאָ און ער וועט שוין צוװאַרטן. אין צימערל איז ענג און דושנע. גבי זעצט זיך נעבן פענצטער און לייגט אָן דעם קאָפּ ביי דער פענצטער־שפּאַרע כדי איינצואָטעמען פרישע לופט. צוויי פרויען צינדן אָן פּאַפּיראָסן און שעפּטשען עפּעס סוד־דותדיק צווישן זיך. גבי מעסט איצט דאָס צימערל מיט לאַנגזאַמע טריט. דער אומגעדולד צעגיסט זיך איבער זיינע גלידער. ער קען גוט בעלאַס כאַראַקטער: מיט אַ פרישן קליענט קען זי פאַר־ברענגען אַ גאַנצע שעה. צי זאָל ער איצטער רעזיגנירן? ניין. ער וועט נישט אַוועקגיין, עפּעס פילט ער אַז בעלאַ האָט אים זייער וויכטיקס איצטער צו זאָגן. זיינע טריט ווערן אַלץ שווערער און אומרוּיִקער, ער קוקט אַלע ווײַלע אויפן זייגער. די צוויי פרויען באַמערקן דוכט זיך זיין אומרויִקייט און שעפּטשען ווידער זיך אַדורך. ווען די טיר פון דער קאָרטנוואַרפערין עפנט זיך — לעגן אים די פרויען פאָר צו פאַרנעמען זייער ריי. גבי איז דאַנקבאַר און גייט אַריין. ער שמייכלט נאָר בעלאַס געזיכט איז מערקווירדיק ערנסט. זי איז איבעראַשט פון זיין באַזוך. זי דערמאָנט זיך אַז

בעת זיין לעצטן באַזוך האָט זי בפירוש אָנגעדייט נישט צו באַזוכן איר אַזוי אָפט. וואָס האָט זי אים דען איצט צו זאָגן וואָס זי האָט אים נאָך נישט געזאָגט? שוין נישט איינמאָל געוואָרנט קעגן זיינע „פריינט" וואָס פאַרגינען אים נישט דאָס לעבן. שוין נישט איינ־מאָל אים דערציילט וועגן זיינע לייבטע, צופעליקע ליבעס, וועגן זיינע דערפאָלגן וואָס שמייכלען און קיצלען זיין אייגנליבע. בעלאַ מישט אויס די קאָרטן און וואַרפט זיי מעכאַניש אויפן טיש אָבער זי קוקט נישט אויף זיי. זי מאַכט צו אירע טונקעלע אויגן אונטער וועלכע קליינע, פוכיקע קישעלעך האָבן זיך שוין לייבט געצייכנט און עס פאַלט איר איין צו טרייבן מיט גבין אַביסל ליצנות. זי האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געטאָן מיט אים און אָנשטאָט צו פאַרלאַנגען ווי געוויינלעך דעם האָנאָראַר און אַ גרעסערע מטבע כדי אָוועק־צולעגן אויף דער קאָרט אויף מזל ברכה — זאָגט זי אַזוי:

— מיין ליבער הער, איך ווייס וויפל אויסגאַבן איר האָט געהאַט לעצטנס אויף אייער רייזע קיין אויסלאַנד — איר זענט דאָך אַ מענטש מיט אַ ברייטער האַנד און מיט אַ ברייט האַרץ וועל איך היינט פון אייך קיין האָנאָראַר נישט פאַרלאַנגען. אייער קאָנטע אין באַנק איז דאָך אין מינוס און אייער טשעק האָט דאָך היינט נישט די ווערט פון קיין צעבויגענעם פיאַסטער.

גבי צעשמייכלט זיך אין לייכטער באַוווּנדערונג — בעלאַ האָט דאָך בפירוש געטראָפן זיין היינטיקן צושטאַנד. ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ און מורמלט ווי פאַר זיך: „אַ דאַנק, אַ דאַנק". אָבער בעלאַ, גלייך זי וואָלט זיינע ווערטער נישט געהערט, טראַכט איצט נאָר ווי אַזוי וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון דעם קליענט אויף אַ לענגערער צייט.

— מיין ליבער הער — ציילט בעלאַ אירע ווערטער מיט אַלץ פאַרמאַכטע אויגן — איך וויל האָפן אַז איר וועט נישט בייז זיין צו הערן מיין עצה און אויפהערן צו באַזוכן מיין וווינונג. אויך דער היינטיקער באַזוך איז אַן איבעריקער און הלוואי ער זאָל אייך נישט שאַטן. איך זע אַז איר זענט אָנגעוויזן אויף גאָטס

רחמים ווייל איר שטייט אויף דער שוועל פון אַ פּאַסירונג וואָס קען דעצידירן וועגן אייער צוקונפט.

גבי ציטערט אויף. איבערן גאַנצן קערפּער צעקריכן זיך דינע מוראַשקעס. ער דערפילט ווי עס שטיקט אים, עס פעלט אים לופט.

— איז וואָס איז אייער עצה, בעלאַ? וואָס דאַרף איך איצטער טאָן? אייערע רייד זענען מיר עפּעס נישט אינגאַנצן קלאָר.

אָבער די קאָרטנוואָרפערין לעגט נישט קיין אַכט אויף זיינע פראַגן, זי רעדט ווי פאַר זיך זעלבסט מיט אַלץ פאַרמאַכטע אויגן:

— איר זענט אין אַ גרויסער געפאַר, מיין ליבער הער, און איך ווייס נישט צו איר האָט אַפילו די מינדסטע מעגלעכקייט זיך אַרויסצוראַטעווען פון דעם. ווען איך ווייס אַז איר קענט זיך באַהערשן — וואָלט איך אייך געראָטן זיך צו פאַרשליסן אין אייער קאַוואַלערקע און אויסמיידן מענטשן וויניקסטנס אַ גאַנצע וואָך. אָבער איך קען דאָך אייער מענערישע שוואַכקייט און איך פיל אַז אַ פּרווי וואָס איר וועט נאָך היינט אין אָוונט אָנטרעפן אויף אייער וועג — וועט אייך גורם זיין זייער ערנסטע ליידן. — —

די קאָרטנוואָרפערין ווערט פלוצים אָנטשוויגן. ווער ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ אומגליקן עס שפּינען זיך אויס אין איר מוח. זי פילט אַ בפירושע דערלייכטערונג און צעעפנט ברייט אירע אויגן. זי קוקט אויף גבין שווייגנדיק מיט אַ שאַרפן דורכדרינגלעכן בליק, עס נעמט אַזוי אַ לענגערע ווײַלע און אויפשטעלנדיק זיך וואַרפט זי צו:

— דאָס איז אַלץ! — מיין ליבער הער.

גבי איז צעטומלט. ער שטעלט זיך אויף מיט אַ שווער געמיט. קוים וואָס ער געפינט די טיר. שלעפּט ער שלאָבערדיק זיינע פיס און די צוויי פרויען אינעם טונקלען אָנגערויכערטן וואַרטע־צימער קוקן אים נאָך מיט גרויסן מיטלייד.

אַ לײַכטער, דראָבנער רעגן פרישט אים אָפּ דאָס פנים. ער זעצט זיך אַריין אין רענאָ און לאָזט מעכאַניש דעם גאַז. ס'איז שוין געגנוק שפּעט און עס ווערט אים פאַרדריסלעך. מעגלעך אַז

ער האָט בכלל נאַריש געהאַנדלט. די גאַנצע חברה וואָרט דאָרט אין שפּאַנונג און ער האָט זיך געלאָזט פאַרנעמען מיט דער קאָרטנוואַרפערין. געדאַרפט געווען בעסער אָפּלייגן דעם וויזיט אויף אַן אַנדערש מאָל. האָט ער דערפאַר אַ באַצאָלונג: צעשרויפטע נערוון. דער גאַנצער פאַרגעניגן און אָפּרו פאַר די עטלעכע וואָכן אין אויסלאַנד איז מיט איין מינוט צערונען געוואָרן. די גאַנצע גלייכגעוויכט וואָס ער האָט דאָרטן דערוואָרבן בעת די סעאַנסן מיט פרוי בראַנדאָן — האָט זיך איצטער צעשאָקלט. און וואָס זאָל טאַקע באַדייטן בעלאַס וואָרנונג וועגן אַ פרוי? שוין זשע האָט אים גדעון, זיין יוגנט־פריינד, צוגעגרייט עפּעס אַ סיורפּריז? נישט איינמאָל וואָרפט ער אים אַריין אַ וואָרט וועגן דעם אַז די זעלבע צייט, ווען זי לויפט פאַר איינעם — לויפט זייער שנעל אָבער ווען זי לויפט פאַר צוויי — געדוירערט פונקט צוויי מאָל אַזוי פיל. אַ שיינע אויסגעקלינגלטע טעאָריע וואָס שטייט אין פול־שטענדיקן קעגזאַץ צו די מאַטעמאַטישע פרינציפּן און געזעצן פון פאַרזיכערונג. — — —

גבי ווייסט אַז זיין באַנק־קאָנטע איז איצטער ליידיק אָבער קיינער קומט נישט צו אים מיט קיין טענות. און ווי וואָלט ער בכלל אויסגעזען ווען ער וואָלט געווען פאַרהייראַט, צי וואָלט ער דאַן געקענט אַפילו חלומען וועגן אַזאַ רייזע וואָס ער האָט אָקאָרשט געמאַכט אין דער וועלט? ניין, אים וועט שוין קיינער נישט איבערצייגן — „אַליין איז די נשמה ריין" — דאָס איז אויך זיין אייזערנער פּרינציפּ. — — —

✶

...דער רעגן קלאַפּט איצט שטאַרקער אויפן כביש און דער אַספאַלט שוואַרצט זיך אין בליאַסק פון די נעאָנען. גבי קען זיך אַלץ נישט באַפרייען פון דעם נאָגנדיקן אומרו וואָס די ווערטער פון דער קאָרטנוואַרפערין האָבן ביי אים אַרויסגערופן. עס דוכט זיך אים אַז דער וועג ציט זיך איצטער לענגער ווי שטענדיק — און אַפילו דער אַזוי באַקוועמער און לייכטער רענאָ — איז אים

איצט נישט געהאַרכזאַם און טאַנצט אונטער פון יעדן מינדסטן בערגעלע אויפן כביש. ער פּרוּווט אָנצונדן אַ פּאַפּיראָס וואָס ער געפינט אין אַ לאַנג־פאַרוואָרפן שאַכטל אין מאַשין. דעם אמת זאָגנדיק פילט ער שוין נישט דעם טעם אינעם פּאַפּיראָס ווי אַמאָל — ער האָט דאָך שוין לאַנג פאַרוואָרפן דאָס רויכערן אָבער ער וויל איצט פאַרטרייבן די טריבע געדאַנקען וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו אים. — — —

דער רענאָ שניידט דערווייל די ווייטקייט לאָזנדיק די שטאָט ווייט הינטער זיך. דער כביש שלענגלט זיך איצטער באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. נאָך געציילטע מינוטן און גבי וועט שטיין בלייבן פאַרן גאָרטן וואָס רינגלט אַרום דאָס איינשטאָקיקע הייזל פון זיין יוגנט־פריינד גדעון. יאָ, ער זעט שוין אַפילו די טונקעלע סילועטן פון די ביימער. דאָס געדולד רינט שוין אויס פון אים אינגאַנצן און ער פילט אַפילו נישט אַז ער האַלט אין איין לאָזן דעם גאַז. דער רענאָ רייסט זיך מיט טייוולשער שנעלקייט איבערן שמאָלן אַספאַלט. דוכט זיך אַז בלויז עטלעכע געציילטע מעטער זענען אים פאַרבליבן. אָבער עפּעס האָט זיך איצטער אַ ווייסער פלעק צעשווינדלט פאַר זיינע אויגן. צו דער רעכטער זייט כביש דערנעענטערט זיך ראַפּטעם פונעם זייטיקן וועג אַ ווייסע מאַשין. גבי באַוויַיזט נאָך צו געבן אַ בליק מיט די רעפלעקטאָרן און לאָזט די סירענע אויפן גאַנצן קול.

דער טעמפּער געבראַזג פון אייזן צעטרייסלט די שטילקייט, אַ געשפּריץ פון גלאָז צעשיט זיך אויפן אַספאַלט מיט טויזנטער פונקען און אַ לאַנג־פאַרשטיקטער געקרעכץ בלייבט הענגען אין דער פייכטקייט פון דער לופט. — — —



די גיכע הילף האָטביידע שאָפערן אָפּגעפירט אין נאָענטסטן שפּיטאָל. זיי זענען געווען אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, געליטן פון מוח־דערשיטערונגען און פון צעקלאַפּטע ביינער. אין שפּיטאָל זענען זיי אפשר צופעליק געלעגן בשכינות און די זעלבע דאָק־

טוירים האָבן זיי קורירט. ווען זיי זענען געקומען צו זיך האָט גבי דערקענט אין דער געליטענער די לאַנג־יעריקע קליענטין פון „הס־נה" פרוי לילי — די אָנפירערין פונעם דאָרפישן קינדער־היים. די קוראַציע האָט גענומען גענוק צייט כדי צו געבן ביידע רעקאָ־נוואַלעסצענטן די געלעגנהייט זיך צו דערקענען און זיך צו באַפ־ריינדן ביז דער געשווירענער אייביקער קאַוואַליער גבי האָט צוזאַ־מען מיטן צעשיידיקטן רענאָ — פאַרוואָרפן אויף אייביק זיין אייזערנעם פרינציפ... — — —

# אַ פראַגע־צייכן

דאָס קאַפע־הויז איז געווען איבערפולט. דער אויפמונטערנ־דיקער קאַפע־אַראָמאַט, דער שמעקנדיקער רויך פון ציגאַרן, די איינגעהאַלטענע שטילקייט האָבן איינגעהילט דעם זאַל אין אַ מין יום־טובדיקער פייערליכקייט. די פלינקע, שטילע טריט פון די קעלנער־מיידלעך צווישן די טישלעך האָבן אָנגעהויבט אויף אַלץ אַ לייכטן מיסטעריעזן ציטער. די מענטשן האָבן צווישן זיך שטיל נאָר לעבהאַפט געשמועסט בעת די עספּרעסאָ־מאַשין האָט פון צייט צו צייט געסיקעט און געלאָזט הערן דעם באַקאַנטן פייף אין באַגלייטונג פון אַ געדיכטן פּאַרע־וואָלקן.

— אַלץ איז באַזעצט!

האָט גרין שטיל אַ שעפּטשע געטאָן און מיר האָבן זיך געלאָזט צוריק צו דער טיר ווען עמעצער האָט פון ווייטנס אַ צייכן געמאַכט מיט דער האַנד און אונדז פאַרבעטן צו זיך. דאָס איז געווען שלמה בריל וועמען כ׳האָב שוין זייער לאַנג נישט געזען און איצט אים כמעט ווי נישט דערקענט. זיין באָרד איז געווען געוועבט מיט אַ סך זילבער און די לאַנגע, צעפּאַטלטע האָר אויפן קאָפּ האָבן אים ענלעך געמאַכט צו אַ צעשטרייטן פּראָפעסאָר.

שלמה בריל איז געווען אַ אַלטער בחור, אַ געשווירענער פרייליידיקער און ווען עמעץ האָט געוואַגט באַטש מיט אַ מינדסט וואָרט אַ פרעג צו טאָן וועגן דער סיבה דערפון — האָט ער גלייך באַקומען אַ פולע פּאַרציע שטעכווערטער פאַר דער חוצפּה איבערצוטרעטן די שוועל פון רשות הפרט אָן אַ דערלויבעניש. נאָר צווישן גאָר נאָענטע, ווען ער האָט געהאַט אַ גוטע מינוט, פלעגט זיך די צונג ביי אים באַפרייען און אַ לעבעדיקער שטראָם פון פּיקאַנטע איבערלעבונגען פלעגט פאַרגיסן די ברעגן ווי אַ

צעריסענע דאַמבע ערב פרילינג. אָפּטמאָל האָט מען געקענט אַפילו צווייפלען צי דאָס אַלץ וואָס ער האָט דערציילט איז פּאַקטיש זיינס אַ פּערזענלעכע איבערלעבונג אָבער אָן שום ספק האָט עס אויפגעדעקט זיין פּערזענלעכקייט מיט אַלע פּאַרבאָרגענע פּונקטן. —

זיין טישל איז געשטאַנען נעבן פענצטער אין אַ ווייטן ווינקל זייער אַ באַקוועם אָרט אויף צו כאַפּן אַ פריינדלעכן שמועס.

— צי גלויבט איר אין טעלעפּאַטיע? — האָט שלמה בריל געפרעגט און גלייך צוגעגעבן, אויסשטרעקנדיק דעם וויַיז־פינגער צו גרינען — פון גאַנץ פּרי גיט מיר דיין נאָמען נישט קיין רו. כ׳בין געווען זיכער אַז מיר וועלן זיך היינט באַגעגענען.

גרין, וואָס האָט געגלויבט בלויז אין דעם וואָס מען קען אָנטאַפּן מיט די פינגער, איז שוין געווען גרייט אויסצורופן:

— נאַרישקייטן!

אָבער זיין בליק האָט זיך פּאַרטשעפּעט אָן אַ דיקן בוך וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון דער שלאַבערדיקער טאָרבע וואָס דער גאַסט האָט געטראָגן אויף זיין אַקסל און זיין נייגעריקייט האָט זיך צעשפּילט.

— וואָס איז דאָס?

האָט גרין געפרעגט אויסשטרעקנדיק די האַנד צו דער טאָרבע. ברילס אויגן האָבן זיך צעפינקלט:

— אַ טייערע מיינע. אַ טראָפּעלע געדולד. דאָס איז דאָך געווי דאָס וואָס באַשעפטיקט מיך היינט. איך בין דעריבער שטאַרק צופרידן פון דער געלעגנהייט אויסצוטייטשן און באַשטעטיקן עט־לעכע אמתע ווערטער פון מיין לערער וואָס האָבן מיר געהאָלפן בעסער זיך אַליין צו דערגרונטעווען. און אַרויסציענדיק אַ לאַנגע ווייסע האָר וואָס איז געווען פאַרלעגט צווישן די בלעטלער, האָט ער פאַרגעזעצט:

— דאָס זענען אַלע שריפטן פון זיגמונד פרויד און מיט אייער דערלויבעניש וועל איך ציטירן פון דאַנען, אין פרייער איבערזע־צונג, עטלעכע ווערטער:

„אַ געלונגענע און גליקלעכע הייראַט קען געשאַפן ווערן
„נאָר דאַן ווען די פרוי פאַרנעמט דאָס אָרט פון דעם
„מאַנס מוטער״.

איצט האָט ער אַ זופּ געטאָן פון דעם וואַרעמען געטראַנק וואָס אַ גראַציעזע קעלנער־מיידל האָט אונדז דערלאַנגט מיט אַ ברייטן און מילדן שמייכל אָבער נישט לייגנדיק אויף איר קיין אַכט האָט ער אָנגעהויבן זיין דערציילונג:

— דאָס דאָזיקע האָב איך אויך אַליין פערזענלעך אַנדעקט. די מלחמה האָט מיך אַרויסגעשלעפּט פון אַ וואַרעמער היים און האָט מיך פאַרשליידערט אין אַ וועלט אַ ווייטער און קאַלטער. ביז היינט איז מיר נאָך נישט קלאָר פאַרוואָס בין דווקא איך געוואָרן געראַטעוועט פון דעם אויסטערליש־שרעקלעכן גורל וואָס האָט געטראָפן און פאַרלענדט מיין גאַנצע פאַמיליע אָבער דו לעבסט דאָך „בעל כורחך״ און דו מוזט דעריבער נעמען דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז. איך בין געווען אַ גאָר יינגער בחור, פול מיט ענערגיע און לעבנס־לוסט און דאָס מיידל וואָס האָט זיך מיר געטראָפן גאַנץ צופעליק — איז געווען אַ ספּיקערין אין ראַדיאָ. איר זאַפטיקע און זיסע שטים האָט מיך שטענדיק צוגעקאָוועט צו דעם הערשפּרע־כער וואָס איז געווען אָפן ביז די קליינע שעהען פון דער נאַכט און נאָר דאַן ווען כ׳האָב געהערט פון איר מויל די לעצטע ווערטער „אַ גוטע נאַכט״ — בין איך געגאַנגען שלאָפן. אפשר האָט זיך אין דעם אַנטפּלעקט איינער פון די טיפע סודות פון אונדזער פאַרוויקלטער פסיכיק ביי וועמען דער „ווי אַזוי״ איז פיל מאָל וויכטיקער פון דעם „וואָס״. די באַגאַבטע פסיכאָלאָגן־קינסטלער קענען גוט די ווירקונג און קראַפט פון דער מאָדערנער צויבער־טעכניק וואָס באַהערשט אונדז און מאַכט פון אונדז אמתע שקלאַפן. — — —

אין אַ געוויסן אָוונט, אויף דער ניי־יאָר פייערונג אין די פּרעכטיקע זאַלן פונעם יוגנט־קלוב, האָב איך דערפילט אַ ברענענ־דיקן בליק אויף מיין געזיכט. צוויי גרויסע אויגן פון אונטער אַ

ברייטן שטערן האָבן געפינקלט ווי שטאַרקע פּראָזשעקטאָרס. אַ קורץ פאַרשניטן און געטאָקט נעזל איז געלעגן איבער פולע, נאַ־טירלעך־רויטע ליפּן וואָס האָבן שמייכלענדיק אויפגעדעקט צוויי שורות ווייסע, פּערלדיקע ציין. אירע לאַנגע טונקעלע האָר האָבן זיך געפּאַליעט אויף די אַקסלען און די ווײַסע דין־דורכזיכטיקע בלוזע האָט אַנטפּלעקט די איידעלע און צאַרטע טיילן פון איר קערפּער. ווען דער אַקאָרדיאָן האָט געלאָזט הערן דעם טאָן בין איך שוין געשטאַנען לעבן איר:

— צי קען מען אייך פאַרבעטן? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, ביטע זייער, איך בין פריי — האָט זי געזאָגט און האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר. די טענער פונעם טאַנגאָ האָבן אויפ־געוועקט און צעשטורעמט דאָס בלוט. זי איז געגאַנגען נאָך מיינע טריט אין אַ זעלטענער האַרמאָניע, גלייך מיר וואָלטן זיך גע־קענט פיל יאָרן.

— איר טאַנצט ווונדערבאַר — האָב איך איר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער.

— יאָ, כ'האָב אַמאָל זיך געלערנט באַלעט און אויסער דעם קען איך זיך צופּאַסן — האָט זי צוריקגעשעפּטשעט.

עפּעס אַ באַקאַנטער טאָן האָט מיר אָפּגעקלאַפּט אין אויער.

— און מיר דוכט זיך אַז איך קען אייך שוין אַ לאַנגע צייט — האָב איך געזאָגט.

— עס טרעפט אַמאָל אַן ענלעכקייט צווישן מענטשן. אפשר האָט איר דערקענט אַן ענלעכע צו מיר.

— און ווי אַזוי רופט מען אייך, אויב ס'איז דערלויבט?

— מאַרוסיאַ.

— זייער אָנגענעם. צי וועט איר דערלויבן צו פאַרברענגען מיט אייך דעם גאַנצן אָוונט?

— מיט פאַרגעניגן. אויך איר טאַנצט זייער גוט און די היינ־טיקע נאַכט בין איך פריי. איך האָב אַ פאַרטרעטערין.

— קען מען וויסן ווו איר אַרבעט?

— אין ראַדיאָ. איך בין די נאַכט־ספּיקערין.

פאַראַן זעט אויס אַ גרויסע ענלעכקייט צווישן דעם געפיל פון ליידן און דעם געפיל פון פאַרגעניגן.ביידע קענען דעם מענטשן צעטרייסלען, אויפשטורעמען. עס איז מיר זייער שווער אָנגעקומען צו האַמעווען און באַהאַלטן מיינע געפילן. לאַנג האָב איך געדרוקט איר קליינע, צאַרטע האַנד, די באַוועגונגען פון אירע פינגער פון וועלכע עס האָט געשטראָמט אַ מין עלעקטרישע לאַדונג, האָט מיך באַרוייקט. —

שלמה בריל האָט פאַרויכערט.

— אַ טיפע פריינדשאַפט האָט זיך אויסגעוועבט צווישן אונדז פונעם ערשטן קוק. איך מיין אַז זי איז געווען די ערשטע פרוי אין מיין לעבן וואָס איך האָב ליב געהאַט שטאַרק, אמתדיק און אויפריכטיק. זי האָט פאַרמאָגט איינע פון די זעלטנסטע מעלות פון אַ צאַרטער פרוי — דורך שוואַכקייט און בויגעוודיקייט צו באַהערשן. זי האָט קיינמאָל מיר זיך נישט קעגנגעשטעלט נאָר אָננעמענדיק מיינס אַ פאַרשלאַג — איז זי געוואָרן די געבערן פונעם טאָן.

כ׳האָב ליב געהאַט צו קוקן אויף איר ווען זי פלעגט ליגן לעבן מיר, איך פלעג זי גלעטן און קושן דעליקאַט. זי איז דאָך געווען אינגאַנצן ענלעך צו מיין מוטער און איך האָב זי גערופן מאַ... און זי, אַ טיף באַווירקטע און געריירטע פונעם קורצן קלאַנג און פון זיין באַדייטונג — האָט געענטפערט מיט ברויזנדיקן פייער פון אַ יינג צעוואַכטער פרוי.

מאַ איז געווען יינגער פון מיר מיט אַ יאָר פינעף. אַ באַשיידענע און פּינקטלעכע און אונדזערע באַגעגענישן זענען געווען פול מיט פּיקאַנטער שפּאַנונג און מיט גייסטיקן אינהאַלט. מיט שטענדיקן נייגער און אומגעדולד פלעג איך איצטער אָפּוואַרטן ביי דעם הער־שפּרעכער כדי צו הערן דעם „גוטע־נאַכט“ ווונטש נאָך די נייעסן. און ווען זי האָט נאָך צוגעגעבן נאָך דער „גוטער־נאַכט“

דאָס וואָרט „אייך" — איז דאָס געווען אַ צייכן פאַר מיר אַז זי גייט אויס פון בענקעניש און וויל מיך שוין זייער שטאַרק זען. —

טעג פון גליק ווערן נישט געציילט אָבער „אַלץ שטראָמט און אַלץ ענדערט זיך" — האָט דער חכם שוין פעסטגעשטעלט זייער לאַנג און מיר קענען, זעט אויס, קיינמאָל אַליין אונדזער גורל נישט באַשטימען. עס טרעפט אַז דאָס גליק גייט אַוועק אַזוי פּלוצעם ווי פּלוצעם עס קומט און דו קענסט עס נישט פאַרהאַלטן.

שלמה בריל איז שטיל געבליבן אַ ווײַלע כּדי אַ זופּ צו טאָן די קאַפּע וואָס האָט זיך שוין באַוויזן אויסצוקילן.

— איינמאָל בין איך געשיקט געוואָרן אין די מרחקים כּדי צו ווערבירן אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ לאַנגע און שווערע נסיעה. כ'בין געפאָרן מיט פּראַכט־צוגן און מיט פערד און וואָגן און אויך פיל געגאַנגען צו פוס אין די פאַרוואָרפנסטע דערפער און ווינקעלער פונעם ברייטן לאַנד. כ'האָב פון דאָרטן קיין שום לעבנס־צייכן נישט באַוויזן צו געבן. כ'האָב געשריבן בריוו און זיי נישט געקענט אָפּשיקן. די בענקשאַפט צו מאַ איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און איך אַליין בין געווען איבעראַשט פון דער שטאַרקייט פונעם דאָזיקן געפיל. נאָך עטלעכע וואָכן האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים אַ מידער און אויסגעשעפּטער אָבער פול מיט האָפענונג און ערנסטע פּלענער אויף דער צוקונפט. דער צופאַל האָט אונדז מערקווירדיק צוזאַמענגעטראָפן גלייך ביי מיין אָנקומען, נישט ווייט פון איר אַרבעטס־פּלאַץ. אַ הייסער שטראָם האָט צעציטערט מיינע גלידער, כ'האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענט:

— מאַ...

און זי האָט מיר דערלאַנגט איר האַנד קאַלט און ערנסט:

— זיי באַגריסט... אָבער... אַלע לאָבן פון מיר וואָס איך פאַרנעם זיך מיט אַזאַ אַלטן... צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט!

כ'האָב געשוויגן נישט פאַרשטייענדיק און נישט גלויבנדיק מיינע אויערן. אָבער פאַראַן מאָמענטן ווען שווייגן איז מער ווי גערעדט. כאָטש דער עלטער צווישן אונדז איז נישט געווען קיין

באַדרייטנדיקער, האָב איך דאָך געפילט אַז איך פאַרמאָג דעם כוח אַרויסצוווייזן מיין העכערקייט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז איך ברעך זיך צוזאַמען אָבער כ׳האָב זיך באַהערשט און מיט אַ רוייקער שטים געזאָגט:

— זיי געזונט, מאַ... איך ווינטש דיר אַלדאָס גוטס... און פיל גליק און הצלחה אין לעבן...

אָן שום ספק אַז איך בין געווען דערשלאָגן, צעקלאַפּט. אויך מיין מענערישער שטאָלץ איז געווען געטראָפן. עס איז אָפּטמאָל געגנוק איין און איינציק וואָרט וואָס טרעפט ווי אַ פייל אין סאַמע האַרצן. כ׳בין געווען כמעט פאַרצווייפלט און נישט געקענט שלום מאַכן מיט אַזאַ סוף.

איך בין געווען זיכער אַז מיין לענגערע אָפּוועזנקייט האָט גורם געווען צו דעם אָבער כ׳האָב נישט געקענט דעצידירן צי איז דער איבערייס געקומען אויס פשוטן לייַכטזין פון איר זייט אָדער צוליב אַן אַנדערן אויסערלעכן גורם. אין אַ קורצן בריוו האָב איך באַשריבן די שווערע נסיעה מיַינע און די סיבה פון מיין שווייגן. איך פאַרשטיי גוט איר לאַגע און איך וועל זי אייביק געדענקען צום גוטן. איך פאַרלאַנג נישט פון איר קיין שום אויפקלערונגס־באַגעגעניש, איך וויל איר בלויז אויפקלערן אַז איך פיל זיך מיט גאָרנישט שולדיק קעגן איר און אויך צו איר האָב איך נישט קיין שום טענות. — — —

שלמה בריל האָט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס, אָנגעפּולט זיינע לונגען מיט געדיכטן רויך און פאַרגעזעצט:

— עס האָט געדויערט גענוק לאַנג ביז עס איז מיר געלונגען זיך צו באַפרייען פון דער דרוקנדיקער שווערקייט. דער הער־שפּרעכער ביי מיר אין צימער האָט געשוויגן. כ׳האָב געוואָלט אַנטלויפן און מער נישט געוואָלט הערן איר שטים. כ׳האָב געוואָלט פאַרגעסן, פאַרגעסן. עס איז שווער לאַנג צו טראָגן אין זיך פייַנט־שאַפט און נקמה. פיל געזונטער איז מוחל צו זיַין אַפילו דעם גרעסטן שונא. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך פעסטגעשטעלט אַז דער ווייטיק איז פאַרשוווּנדן. כ׳האָב מער נישט געליטן. איך בין

דווקא צופרידן געווען וואָס די צעשיידונג איז געקומען אין דער צייט און נישט דורך מיר. אין די אָוונטן בין איך געווען ווייער טעטיק אין דעם קלוב פון די יינגע. געזאַנג און טענץ האָבן אויס־געפולט מײַן גאַנצע פרייע צייט. די אָנגעוועזנקייט פון מאַ — האָט מיך מער נישט באַאומרוייקט. כ׳האָב אָפט געפילט אירע פאַר־באַרגענע בליקן אויף זיך אָבער עס האָט מיך נישט געאַרט. די אַלע סימנים פון חרטה האָבן מיך נישט גערירט, פאַר מיר האָט שוין דאַמלט אַלץ געהערט דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס אָרט פון מאַ האָט פאַרנומען אירין. אַ בלאָנדע איידלע שפּיטאָל שוועסטער וואָס האָט געזאָלט ווערן מיין לעבנס־באַגלייטערין ווען נישט... אָבער דאָס וועלן מיר לאָזן אויף שפּעטער. — — —

כ׳האָב מאַ אַרויסגעוואָרפן פונעם קאָפּ. מען קען דאָך אַ מענטשן אויך פאַרגעסן. מען קען אויך טרויער פאַרוואַנדלען אין פרייד. כ׳בין מער אויף מאַ נישט בייז געווען וואָס זי האָט מיך פאַרלאָזט אָן שום סיבה און האָט אַזוי גראָב געענטפערט אויף מיינע אויפריכ־טיקע געפילן. און איך בין דאָך געווען אַ ביסל אַ צעפּיעשטשעטער פון פרויען...

כ׳האָב געוווּסט אַז מאַ ליידט און אין איינעם אַן אָוונט האָט זי פלוצעם פאַרענדיקט די ראַדיאָ־אווידיציע מיט די ווערטער: „אַ גוטע נאַכט אייך". אָבער דאָס מאָל איז עס געווען אַ געזעגנונגס־צייכן אויף אַ לאַנגער צייט. מער האָב איך איר קול אין ראַדיאָ נישט געהערט. זי האָט פאַרלאָזט די שטאָט און האָט זיך אַנגאַנ־שירט אַלס רעציטאַטאָרין, אין אַ לייכטן מוזיק־אַנסאַמבל וואָס האָט באַדינט די אומגעבונג. מאַ האָט געזוכט אַ פאַרלייכטערונג. צייט און ווייט קענען באַרוייקן. „ווייט פון די אויגן ווייט פונעם האַרץ". פאַראַן שווערע סיטואַציעס וואָס ווערן פאַרלייכטערט דורך שווע־רערע סיטואַציעס. מאַ האָט דאָך פאַרמאָגט די פעאיקייט פון צו־פאַסן זיך און כ׳האָב געטראַכט אַז איר דערפאָלג איז פאַרזי־כערט. — — —

עס זענען אָוועק טעג, וואָכן, חדשים. מיינע באַציונגען מיט

אירין זענען געווען שטאַרקע און ערנסטע. מיר האָבן שוין געפּלאַנט אונדזער צוקונפט אין איר געבוירן־שטאָט, אַ צווי טויזנט קילאָ־מעטער אויף דרום. דער זיג איבער די נאַציס האָט זיך שוין גוט געזען אויפן האָרזיאָנט. די מלחמה האָט זיך דערנענטערט צום סוף.

אין אַ געוויסן פרילינגדיקן אָוונט ווען אירין האָט געהאַט נאַכט־דיזשור אין מיליטערישן שפּיטאָל, האָט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר מיך איבערגעוועקט פונעם ערשטן דרימל. עס איז שוין געווען גענוק שפּעט און איך האָב מיט מיין געוויינטלעכער פאַר־זיכטיקייט געעפנט די טיר און געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער. מאַ איז געשטאַנען אויפן שוועל. איר מילד־זיסן שמייכל האָט באַגלייט אַ טיף טרויעריקער בליק.

— דו ווערסט מיר דערלויבן אַריינצוגיין? — האָט זי געזאָגט מיט אַ נישט דרייסטער און צעבראָכענער שטים. און זיך נישט גערירט פונעם אָרט ביז כ׳האָב איר אָנגענומען פאַר דער האַנט. אירע פינגער האָבן לייכט געציטערט און כ׳האָב זיך דערשראָקן אַז זי ברעכט זיך צוזאַמען. פלוצעם האָט זי מיך איינגעשלאָסן אין אירע אָרעמס און איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. כ׳האָב זי צוגעדרוקט צו זיך. אַ ריח פון שלעכטן טאַבאַק האָט זיך געטראָגן פון אירע קליידער באַטש זי האָט שטענדיק דאָס רויכערן נישט פאַרטראָגן. זי האָט טיף געזיפצט און די טרערן זענען געראונען פון אירע אויגן און נאַס געמאַכט מיינע באַקן.

— מאַ, וואָס איז געשען?

עס האָט גענומען אַ לענגערע ווײַלע און פלוצעם האָט זי געזאָגט:

— דו קלייבסט זיך טאַקע פון דאַנען אַוועקצופאָרן? און איך האָב די גאַנצע צייט געהאָפט אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען...

— דאָס איז פאַר מיר אַן אמתע איבעראַשונג, מאַ! דו ביזט אַ יינג מיידל און דיין דערפאָלג איז געזיכערט. דיר פּאַסט פיל מער פרייד און געלעכטער ווי טרויער און טרערן.

אַ לענגערע ווײַלע האָט זי געווישט אירע אויגן, אויסגעגלײַכט איר בליק, זיך געזעצט און שטיל געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך אַפּילו נישט וואָס איך בין אַדורכגעגאַנגען אין דער דאָזיקער צייט. מעגלעך אַז דו וועסט אפשר קיינמאָל מיך נישט פאַרשטיין. מען זאָגט אַז יעדער מענטש איז אַ פראַגע־צייכן און די פרוי איז אַ פראַגע־צייכן פון גאָר גרויסן מאַסשטאַב. מעגלעך אַז איך אַליין פאַרשטיי זיך אַליין נישט. דער מענטש ווערט אַמאָל געשטויסן צו מעשים וועלכע ער דאַרף נישט טאָן און ער טראָגט אויך נישט דאָס אחריות פאַר זיי. כ׳האָב שטענדיק געהאַט דאָס געפיל אַז די טעג וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען זענען געווען די שענסטע אין מײַן לעבן. דו ביזט געווען פאַר מיר... אַ פאָטער. אַ פאָטער — ווייל כ׳האָב אים קיינמאָל נישט געהאַט... דיך האָב איך געליבט מיט אַ ריינער ליבע ווי עס קען ליבן נאָר אַ יינגע, נישט דערפאַרענע פרוי. נאָך ביז היינט פיל איך דיינע גלעטן און דיינע אומאַרמונגען וואָס פלעגן מיך אויפרעגן און באַרוייקן אין דער זעלבער צייט. און דאַן ביזטו פלוצעם פאַרשווונדן און אַלע האָבן מיך פאַרזיכערט אַז דו וועסט מער צו מיר זיך נישט אומקערן. דו האָסט מיך בלויז אויסגענוצט און שוין. מײַן נאַרישקייט האָט דערפירט צו אונדזער צעשיידונג. — — —

זי האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— כדי דו זאָלסט מיך אָבער בעסער פאַרשטיין מוז איך דיר איצטער אַנטפּלעקן נאָך עפּעס. מײַן ערשטער חבר איז געוואָרן מאָבילליזירט גלייך מיטן אויסברוך פון דער מלחמה און בלויז איין און איינציק מאָל, איידער ער איז אַוועק אויפן פראָנט, האָב איך זיך אים אָפּגעגעבן. אָבער כ׳האָב נאָך דאַמלט נישט געוווּסט אַפילו וואָס דאָס איז און כ׳האָב גאָרנישט געפילט. דיך, מײַן טייערער, האָב איך דערקענט אַ קורצע צייט נאָכדעם און דו ביזט פּאַקטיש געווען דער ערשטער אמתער מאַן אין מײַן לעבן. איך בין געווען גליקלעך און געמאַכט פּלענער אויף דער צוקונפט. אָבער כ׳בין געווען יינג, נאַריש און נישט דערפאַרן. כ׳האָב אַלץ געוואַרט אויף

דיין איניציאַטיוו. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס דיר פּאַרצולייגן און ווי אַזוי מיט דיר זיך צו באַגיין... שוין פיר יאָר אַז מיר זענען צעשיידט אָבער די שיינע מינוטן פון אַמאָל זענען נאָך אַלץ לעבע־דיק אין מיר. אפשר בין איך אַזאַ מאָדנע אָבער אַזאַ בין איך... איצט האָב איך געהערט אַז דו קלייבסט זיך שוין אויף אייביק צו פאַרלאָזן — האָב איך באַשלאָסן מיט דיר צו שמועסן.

זי איז שטיל געבליבן, געבעטן אַ טרונק וואַסער און געזאָגט:

— ס׳איז מיר זייער שווער, זייער שווער אָבער איך מוז דיר דערציילן... צוריק מיט אַ יאָר האָב איך געהאַט אַ גאַסט, אַ זעלנער וואָס איז געקומען פונעם פראָנט. ער האָט געדינט אין איין אָפּ־טיילונג מיט מיין חבר וואָס איז געוואָרן דערהרגעט אין זיין קעגנוואַרט. מיין חבר האָט אים פיל דערציילט וועגן מיר און ווען ער איז געפאַלן האָט ער אים געבעטן איבערצוגעבן זיין געליבטער מיידל דעם לעצטן גרוס. דער זעלנער האָט געגאַסטעט ביי אונדז בלויז געציילטע טעג און איצט בין איך אַ מוטער פון אַ קינד... איך האָב אַ יינגעלע, אַ שיין קינד מיט אַזעלכע שוואַרצע אויגן... איך בין אַ מאַמע. כ׳האָב דאָך שטענדיק געחלומט וועגן אַ קינד ווען דו האָסט געגלעט מיין פּנים... ווען מיר זענען געווען צוזאַמען... איצט גיט מיר מיין מוטער פרייַע הענט. זי זאָגט אַז איך קען טאָן אַלץ וואָס מיין האַרץ גלוסט זי וועט דאָס קינד דערציען. זי האָט עס זייער שטאַרק ליב. זי ווייסט אַז איך בין אומגליקלעך, זייער אומגליקלעך... איך געפון זיך נישט קיין אָרט און בלויז דו, טייערער, קענסט מיר העלפן... פאַרלאָז מיך נישט... נעם מיך מיט זיך..

אַ פרישער שטראָם טרערן האָט איר געשטיקט אין האַלדז. מאַ איז געזעסן און איר בליק האָט געציטערט מיט ליבע, געבעט און אונטערטעניקייט.

מיין צימער האָט מאַ פאַרלאָזט ערשט פאַרטאָג פאַרן אויפגיין פונעם מאָרגנשטערן. אַ קיל ווינטל האָט געגלעט אירע האָר און

געבראַכט צו מיין אָפּענעם פענצטער דעם דופט פון איר קערפּער וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אויסצוקילן.

זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם און אַלע ווײַלע זיך אויסגעדרייט צו מיר. זי האָט מיך געבעטן נישט מיטצוגיין מיט איר און איך האָב זי דעריבער בלויז באַגלייט מיט מײַנע אויגן ביז זי איז פאַרשוווּנדן אויפן האָריזאָנט... — — —

פון דאַמאָלט אָן האָב איך זיך אויך מיט אירין מער נישט באַגעגנט.

# דער בלינדער בעטלער

דער בלויער רויך פון אַ ליולקע האָט זיך געשלענגלט אין דער לופט, זיך פאַרגאַנגען צווישן די טונקעלע שווערע גאַרדינען, גע־וואָרן איינגעזאַפּט אין די מלבושים, צעשווימען געוואָרן. נאָך דריי־סיק יאָר האָט זיי די באַגעגעניש אויפגעהייטערט, צעוועקט אַלטע שוין פאַרדרימלטע געפילן און דערינערונגען. אַמאָל האָבןביידע פריינט געהערט צו איין ריכטונג, צוזאַמען אַפילו „פאַרבראַכט" אַ צייט אין איין תפיסה, שפּעטער האָט זיי דאָס לעבן צעשיידט, צעטיילט אין באַזונדערע וועגן און שטעגלער. איצט זיצן זיי צופעליק ווידער צוזאַמען ביי אַ שטאַרק טעפּל קאַווע און זוכן אָפּצופרישן געוויסע געדאַנקען און איבערלעבונגען, אפשר אויך געפינען אַ טרייסט. —

נחום בליי איז אַן אויפגעקומענער גביר און האָט אַדורכגע־שניטן אַלע קאָנטינענטן. ער האָט מצליח געווען די לעצטע יאָרן און קומט איצט פון דער גרויסער וועלט אַ שמעק טאָן אפשר וועט זיך לאָזן אויף דער עלטער דאָ פאַרוואָרפן די נעץ. זיינע קליינע באַברילטע אייגעלעך קוקן שטייף און שטעכן דורך מיט זייער שטאָלענעם האַרטן בליאַסק. די ברייטע און לאַנגע פּיאות קאָמפּענסירן דעם הויכן אויסגעפּליכעטן שטערן און פונעם שוין ווייסלענדיקן זיך קאָפּ, שטאַרצן אַראָפּ אין אומאָרדנונג לאַנגע האָר וואָס גיבן צו זיין פּנים דעם אויסזען פון אַ דורס׳דיק עוף. זיין שטים איז האַרט און טרוקן און פול מיט בייסיקייט ווי אַ מילגרוים. ער גיט אַ לייכטן צי די ליולקע און זאָגט:

— ליבער פריינד מיינער, זיי מוחל פאַר מיין אָפנהאַרציקייט. מיך פאַרדריסט זייער אויף מיינע פאַרשפּילטע יאָרן. אָ, ווען איך זאָל געווען וויסן אַמאָל דאָס וואָס איך ווייס היינט! אומזיסט

געוועזן אונדזער האַרעוואַניע. דער מענטש איז שלעכט פון דער נאַטור און דער „איך" דיקטירט מיט אַלע זיינע מחשבות און מעשים. „דאָס אייגענע העמד איז שטענדיק נאָענטער צום לייב"...

שמואליק זייף, אַ פּענסיאָנירטער לערער פון תנ"ך, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פון אַ רייזע אין אייראָפּע, קוקט מיט שטילער און איינגעהאַלטענער פאַרוווּנדערונג אויף זיין גאַסט. זיינע טונקעלע אויגן באַגלייטן יעדער וואָרט זיינס מיט אַ שמייכל־דיקן פראַגע־צייכן. אפשר שטעקט אין דעם אַ טראָפּן פון לייכטער אומבאַדייטנדיקער איראָניע אָבער עס שאַדט נישט אַפּילו אויף קיין האָר דער גאַסטפריינדלעכקייט פאַר זיין בכבודיקן יוגנט־פריינד.

— אויף וואָס באַגרינדעסטו דיינע רייד? — זאָגט שמואליק זייף אין סטיל פון די אַמאָליקע פאַרגאַנגענע טעג.

— אָ, דאָס איז דאָך אַזוי קלאָר ווי דער טאָג. איך קום דאָך, ליבער פריינד, פון דער גרויסער און „ציוויליזירטער" וועלט. דאָרט איז יעדער מענטש — אויב מען קאָן אים אַזוי נאָך אָנרופן — פאַר זיך. אַלטרואיזם — איז שוין אַן אויסגעדראָשענער באַגריף. אַ וואָרט וואָס איז שוין געוואָרן „צו שאַנד און צו שפּאָט". ווער באַנוצט נאָך היינט דעם אויסדרוק אויף צו באַצייכענען אַ מענטש־שלעכע האַנדלונג? און אויב מען טרעפט נאָך אָן אַפּילו אויף אַ בעטלער וואָס שטייט אַן איינגעבויגענער ביים ראָג גאַס און שטרעקט אויס די האַנד — גייט מען פאַרביי מיט אַ מין געפיל פון פאַראַכטונג און אפשר פאַרדראָס. אין די צייטן פון מאָדערנער איבערגעטריבענער מעכאַניזאַציע ווערן, זעט אויס, אויך די מענטש־שלעכע חושים מעכאַניזירט און פאַרלירן זייערע מענטשלעכע אייגנ־שאַפטן און באַדערפענישן. קען מען דעריבער זיך שוין באַגיין אָן דעם בעטלער וואָס זאָל דאַרפן אויפוועקן דאָס געוויסן און דער־מאָנען אַז עס זענען נאָך אַלץ פאַראַנען ליידן און פּיין אין דער דאָזיקער וועלט פון איבערגעזעטיקטער שפע און גוטס. — — —

שטילקייט. שמואליק זייף האָט עפּעס ווי איבערגעלעגט אין די געדאַנקען און ציילנדיק די ווערטער, געזאָגט:

— אַלטער ווײַן ווערט זיך נישט אויס אַזוי שנעל. מענטש בלײַבט מענטש בײַ אַלע אומשטענדן.

— אויף וואָס באַזירסטו דו דײַנע רייד? — האָט דער גאַסט אין זעלבן אַלטן סטיל, נאָר מיט אַ דאָזע בײַסיקייט אָפּגעפרעגט.

— בײַ אונדז אין קליינעם, פּיצינקען לענדעלע, זענען שוין פאַראַן אַ סך רײַכע אָבער אויך בעטלערס זענען נאָך צעשאָטן איבער די שטעט. דו קענסט זיי טרעפן אויף אַ סך ערטער. בײַ די אויטאָבוסן־סטאַנציעס, בײַ די אונטערערדישע דורכגענג, בײַ דער שול, אויף די ראָגן און מענטשן זאָגן נישט אָפּ.

שמואליק זייף האָט אַ שלוק געגעבן פון טעפּל קאַווע און פרײַנדלעך פאַרגעזעצט:

— איך האָף, ליבער פרײַנד מײַנער, אַז דו האָרכסט מיך אויס? ווערן אַזאַ איינעם וויל איך דיר דערציילן.

דער גאַסט האָט זיך באַקוועם אויסגעצויגן אינעם ווייכן פאָטעל:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, טײַערער פרײַנד.

— אַלזאָ, גוט! מען האָט אים געטראָפן יעדן טאָג אין אַן אַנדער ווינקל פון שטאָט שוין אין די פריע שעהען פון פרימאָרגן. ער האָט געטראָגן אַ טונקל־ברוינעם הוט אונטער וועלכן די ווינקלען און פּיאות האָבן זיך שוין געוויסלט. די שוואַרץ־טונקעלע ברילן האָבן פאַרדעקט צוויי טויטע אויגן וואָס האָבן אָנאויפהער געציטערט מיט אַ מאָדנעם אומרו. ער איז געשטאַנען עטוואָס לײַבט געבויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. אַ מערקווירדיקע רויִקייט און געדולד איז געלעגן אויף זײַן געזיכט גלײַך אַ פישער וואָס שטייט מיט דער ווענטקע בײַם שוימיקן ים־ברעג און וואַרט אויף זײַן פאַנג. און אין מענטשלעכן ים זענען דאָך פאַרשיידענע פיש פאַראַנען... באַקומענדיק אַ געשאַנק — פלעגט ער בלויז שמייכלענדיק צושאָקלען מיטן קאָפּ און אַרײַנלעגן די מטבע אין טאַש פון זײַן ברוינער אָפּגעטראָגענער מאַרינאַרקע. און ער איז ווייטער געשטאַנען מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט אָן פּרעטענסיעס. ווען מענטשן זענען פאַרבײַגעגאַנגען און אים גאָרנישט געגעבן —

האָט ער זיך נישט געערגערט, זיך נישט באַאומרוייקט, נישט געווען פאַרביטערט און חלילה קיינעם נישט געווונטשן קיין שלעכטס. און אַז מען האָט אים דערלאַנגט אַ גרעסערע מטבע — האָבן זיינע ליפּן סודותדיק שטיל ווי פאַר זיך געשעפּטשעט אַ ברכה: „זייט געזונט״. ווען ער וואָלט אין דער דאָזיקער מינוט אַראָפּגענומען די טונקעלע ברילן וואָלט מען אפשר געקענט זען די ווייסלען זיינע אין אַ מין צופרידענער געמיטלעכקייט וואָס נאָר מענטשן וואָס האָבן קיינמאָל דאָס ליכט נישט געזען — האָבן אַ רעכט עס צו פילן. — —

זיין אַרבעטס־טאָג איז געווען אַ קורצער. מיטאָג־צייט פלעגט ער ווערן פאַרשוווּנדן. אַ לאַנגע צייט האָב איך דעם בעטלער אָבסערווירט און כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז ער פילט מיך אויס מיט זיינע שאַרף־אַנטוויקלטע חושים. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער זעט מיך אַפילו — ווייל ווען איך פלעג פאַרביי גיין נעבן אים כדי אים אַריינצולעגן אַ מטבע אין דער האַנד אַריין — האָבן זיינע ליפּן זיך צעשאָקלט אין אַ לייכטן שמייכל און ער האָט נאָכגעדרייט נאָך מיר מיטן קאָפּ. אפשר האָט זיין אויער אויפגעכאַפּט די טריט מיינע, אפשר האָט ער אויפגעכאַפּט מיין אָטעם. מיר גליקלעכע, זעענדיקע קענען דאָך קיינמאָל נישט פאַר־שטיין אַנדערע אומגליקלעכע, פון דער נאַטור באַשיידיקטע און באַעוולטע מענטשן. — — —

שמואליק זייף האָט אָפּגעאָטעמט אַ ווײַלע און ווייטער געצויגן:

— נישט איינמאָל פלעג איך טראַכטן צי האָט דער מענטש אַ פאַמיליע? צי זאַמלט ער אַן געננק אויף זיין מחיה? ווו וווינט ער און ווי אַזוי פאַרברענגט ער די איבעריקע צייט? ביז איינמאָל... די דערינערונג פייניקט מיך זייער שטאַרק אָבער לאָמיך דיר דער־ציילן. אין אַ געוויסן זומערדיקן פאַרנאַכט, ווען איך בין פאַרביי געגאַנגען אַ זייטיק געסל אויף דער פאַרשטאָט — האָט אַ צוזאַ־מענלויף פון מענטשן צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. אַ שוואַרצע מאַשין האָט אַדורכגעשניטן דעם כביש אין ווילדער שנעלקייט ווי

אַ חיה רעה און אויף די ווייסע פּאַסן פונעם אַספּאַלט איז געבליבן ליגן אַ מענטש אין אַ רויטן פלעק פון בלוט. אַ ווייסער שטעקן, ווייס געניקלטע רעמלעך מיט צעפּלאַצטע טונקעלע גלעזלעך און אַ ברוינער הוט — האָבן זיך צעשאָטן אין די זייטן. דער דאָקטאָר וואָס איז אָנגעקומען מיטן אַמבולאַנס — האָט באַטראַכט דעם מענטשן און פעסטגעשטעלט דעם טויט.

דער טונקל־ברוינער הוט איז מיר גוט באַקאַנט געווען אָבער מיין צווייפל איז צערינען געוואָרן ערשט מיט עטלעכע מינוט שפּעטער.

פונעם קליינעם פּאָסט־אַמט איז אַרויסגעקומען אַ פּקיד מיט אַ פאַרוווּנדערט און צעשראָקענעם בליק. ער האָט אַ לענגערע ווילע באַטראַכט דעם בר־מינן און שאָקלענדיק טרויעריק מיטן קאָפּ דערקלערט דעם דאָקטאָר און דעם פּאָליציאַנט וואָס האָט געזוכט אינפאָרמאַציע וועגן פאַרברעכן:

— יאָ, דאָס איז דער בלינדער מאַן וועלכער האָט ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער איבערגעוויזן טאַקע דורך מיר —.500 שקלים אויף עטלעכע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. ער פלעגט אַזוי טאָן יעדן חודש און איך בין געווען זיין פאַרמיטלער אַ היבשע פּאָר יאָר.

שמואליק זייף האָט אויסגעזופּט די שוין קאַלט געוואָרענע קאַווע:

— דאָס געשטאַלט פונעם דאָזיקן נאָבעלן בלינדן מאַן האָט זיך מיר טיף פאַרקריצט אין געדעכעניש. ווי מערקווירדיק, רעטע־ניש־פול און קאָמפּליצירט איז דאָס מענטשלעכע וועזן. — — —

אין צימער איז געווען טונקל און שטיל. דאָס לעצטע ביסל רויך האָט זיך אַרויסגעשלענגלט פון דער ליולקע און איז זיך צעגאַנגען אין דער פינצטערניש.

דער גאַסט האָט נישט געעפנט די אויגן, אַ לענגערע ווילע געווען פאַרזונקען אין מחשבות. עס האָט אים צעבראָכן, ווי געטאָן, געזען בעשיינפּערלעך ווי דאָס שלעכטס פון דער וועלט פון שפּע — האָט שוין אויך דערלאַנגט אַהער. — — —

# שפעט זומער

דער ים־ברעג איז היינט פול געפּאַקט. גלייך פון פּרימאָרגן שטראָמען אַהער מענטשן, יינג און אַלט. מען איילט זיך, שוין אין וועג גייענדיק הויבט מען אָן אַראָפּצוואַרפן די מלבושים, אַ שאָד יעדע רגע. מען איילט זיך אויך כדי צו פאַרכאַפּן דאָס אָרט ווו מען איז נעכטן געזעסן. אויך דאָ דינט די געוווינהייט.

ביים טישל, האַרט נעבן ברעג, זעט מען שוין דאָס באַקאַנטע פּאָרל. זיי זיצן דאָ שטענדיק ביי דעם זעלבן טישל און קיינער וואָגט נישט אַפילו זיך צוצוזעצן נעבן זיי. זיי קייען וואָפליעס מיט אייזקרעם און טרונקען צו סאָדאַ. פּונקט ווי זיי פלעגן עס טאָן אַמאָל אין דער אַלטער היים, אין יענע גוטע גליקלעכע טעג ווען די יוגנט האָט נאָך געבליט און די געדאַנקען האָבן געשפּינט גאָלדענע חלומות. זיי פאַרבייטן זעלטן אַ וואָרט מיט עמעצן (מעגלעך כדי נישט צוצעטרענצלען דעם טיפן לעבנס־סוד וואָס זיי היטן אָפּ טיף אין האַרצן) און אַפילו דער קעלנער דערלאַנגט זיי שווייגנדיק זייערע פּאָרציעס און באַקומענדיק באַצאָלט, דער־ווייטערט ער זיך מיט אַ שטילן נויג פונעם קאָפּ. —

זי איז היינט אָנגעטאָן אין אַ בלוי־געבלימט קליידל, אויפן קאָפּ אַ ווייסע דרייעקיקע סטענגע וואָס האַלט פאַרשייט אַביסל די קרייזלנדיקע זיך ווייסלנדיקע האָר. זי זאָרגט שטענדיק וועגן איר גאַרדעראָבע, מיט עכטער פרויישער גראַציע ווייסט זי ווי אַזוי אָפּצופרישן איר אויסזען. ערשט שפּעטער וועט זי געניסן פון דער וואַרעמקייט פון דער זון אין איר טיף געשניטענעם באָד־קאָסטיום. דערווייל איז איר אָנגענעם אינעם לייכטן געבלימטן קליידל וואָס דער ווינט בלאָזט אָן און נעמט דורך מיט לייכטער פייכטקייט פונעם ים.

ער — אין אַ העל העמד מיט קורצע ווייסע הויזן, ספּאָרטסמע־סיק. די שאַרפע נאָז זיצט פעסט אויף דעם גוט געפלעגטן פּנים, די ווייסע קורצע האָר זענען יאָזשיק פאַרקעמט אויף אַרויף.

איצט זענען מאַן און ווייב פאַרנומען מיטן אייז־קרעם, מען קייט און מען לעקט מיט גרויס געשיקטקייט, גלייך גאָרנישט מער וואָלט עקזיסטירט אויף דער דאָזיקער וועלט בלויז אייז־קרעם און חלומות וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. —

עס טרעפט אַמאָל וועןביידע הערן אויף צו קייען די וואָפליעס און שטעלן אָן נייגעריק־פאַרוווּנדערטע בליקן אויף אַ שלאַנקער שיינהייט וואָס טוט אַ פלאַטער דורך נעבן זיי. זי ווערט אָנגעפולט מיט יוגנטלעכן ברען, דער גלאַנץ אין אירע ברוינע אויגן לייכט אויף און עלעקטריזירט איר גאַנצן קערפּער. ער — שפּיצט אָן זיין שאַרפן בליק דורך די לייכט־פאַרטונקלטעברילן און עס הערט זיך איין און איינציק וואָרט וואָס רייסט זיך אַרויס גלייכצייטיק פון ביידנס מיילער:

— פּרעכטיק !...

ווייטע, פאַרגאַנגענע טעג מיט נאָך נישט געשטילטע פאַרלאַנגען, חלומות נישט פאַרענדיקטע וועגן זילבערנעם עקראַן וואָס האָבן זיך איינגעוועבט אין זייערע יינגע הערצער, דרימלען נאָך אין ביידן ביז היינט. זי פאָלגט נאָך זיין פאַראינטערעסירונג און האַלט מיט אים מיט. זי קען גוט די נשמה פון אַ מאַן אין זיין עלטער. זי ווייסט אַז דאָס זענען איצט ביי אים בלויז אַזעלכע „פּלאַ־טאָנישע״ אויסדרוקן פון דורשט נאָך שיינקייט, פון בלויזער פאַר־הערונג פאַר האַרמאָניע אין דער נאַטור. ווי אַ שיין געזיכט פאַר אַ מאָלער. זי פילט שטענדיק אויס אַזעלכע „געפאַרן״ און זי קען פאַרלויפן דעם וועג.

— אָך, סאַראַ גלייכמעסיקייט, סאַראַ היפּטן!

דערמיט האָפט זי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק, אָפּצולעשן זיין אויפמערקזאַמקייט: —

היינט איז ביים ים־ברעג רוישיק און געדיכט. מענטשן שטראָ־מען נאָך אַלץ אַהער אָן אויפהער. פון ים בלאָזט אַ לייכט ווינטל, די פאַליעס גיסן זיך איינע איבער דער צווייטער, קלאַפּן אָן אין די שטיינער אויפן ברעג, שעפּטשען עפּעס אומפאַרשטענדלעכס אין דער שפּראַך פון טרוימער און פאַרליבטע. די זון שפּיגלט מיט טויזנטער בלישטשען, פאַרבט אָפּ די בלויקייט מיט סנאָפּעס ליכט.

זיצן מאַן און ווייב און קייען זייערע וואַפליעס און לעקן דעם אייזקרעם שטיל און געמיטלעך ווען פּלוצעם ווערן זיי איבעראַשט פון אַ לייכטער פרויען־שטים:

— צי קען מען זיך דאָ צוזעצן אויף אַ ווײַלע? אַלע טישלעך זענען היינט דאָ פאַרנומען.

ביידע הויבן אויף פאַרוואונדערטע בליקן. דער אומדערוואַר־טעטער גאַסט קאָנסטערנירט זיי. עס נעמט אַ לענגערע ווײַלע ביז זי שאָקלט העפלעך מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— קעלנער, אַ דאָפּלטע פּאַרציע אייזקרעם, וואַפליעס, סאָדאַ! באַשטעלט די פרעמדע אַראָפּציענדיק איר קלייד און בלייבט זיצן אין אַ פאַרביקן ביקיני.

אָנגעצויגענע שטילקייט. אַ שווערע שטילקייט, ווי בליי וואָלט מיטאַמאָל אָנגעגאָסן די לופט, ווי אַ שווערער וואָלקן וואָלט פּלוצעם פאַרדעקט די זון און עס איז נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. מאַן און ווייב וואַרפן זיך איבער מיט פרעגנדיקע בליקן אָבער דאָס געדויערט נישט מער ווי אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע. דעם מאַנס בליק שפּיזט איצט אין דער ברוינקייט פון דער פרעמדער. דוכט זיך אַז ער האָט איצט פאַרגעסן אָן אייז־קרעם און געלאָזן דאָס לעפעלע שטעקן אינעם בעכער. זיין פרוי כאַפּט פון צייט צו צייט אַ לייכטן בליק אויף זיינע אויגן און אַן אומרו שלאָגט איר אַרויס אויפן שטערן. זי נעמט זיך דרייען אויפן בענקל, אַ לייכטער שטראָם בלוט באַפלעקט אירע באַקן: אומרו, אומגעדולד און אפשר פאַרדראָס. זי געדענקט שוין פון לאַנג נישט אַזאַ שאַרפן

גלאַנץ אין זיינע אויגן. זי וויל אָפּציען זיין בליק אָבער עס געלונ־גט איר נישט. עס איז שוין די צייט ווען געוויינלעך וואַרפן זיי אַראָפּ פון זיך די מלבושים און נעמען זיך ברענען אויף דער זון. זי טוט עס שטענדיק די ערשטע און נאָכדעם ער. אָבער זי קלייבט זיך גאָרנישט אויסצוטאָן. זי זיצט אומבאַוועגלעך גלייך זי וואָלט געוואָרן פאַרשטאַרט. און ער גלייכט אויס דעם קערפּער און דער בליק איז אַלץ אָנגעהאָנגען אויף דער פרעמדער.

— אפשר גייען מיר? — זאָגט זי פּלוצעם מיט אַ שטילן געשעפּטש.

דוכט זיך אַז ער הערט קוים אָדער אפשר מאַכט ער זיך נישט הערנדיק. עס איז אים איצט דאָ גוט אַזוי. מענלעכער נייגער. יוגנטלעכע טרוימען וועקן זיך איבער אין אים. שוין פאַרלאָשענע געפילן פון דעראָבערונג לעבן פּלוצעם אויף אין אים. אים איז דאָ איצט אַזוי גוט אַז ער וויל אַזוי לענגער אויפהאַלטן די צייט.

— אפשר גייען מיר?...

חזרט זי איבער. דאָס מאָל איז איר שטים שוין ענערגישער נאָר אָן בייזקייט. זי קען גוט די מענערישע שוואַכקייטן און זי ווייסט אַז יעדע שוואַכקייט קען מען היילן מיטן זעלבן סם וואָס ברענגט די שוואַכקייט נאָר מיט אַ קלענער דאָזע. איר שטים ווערט דאַן ווייך, וויבעריש, יינג. זי דערנענטערט זיך צו אים און לייגט פאַרזיכטיק אַרויף איר האַנט אויף זיין האַלדז־און־נאַקן. מיט לייכטער פרווישער גוט געמאַכטער קאָקעטעריע גיט זי אים אַ גלעט און שעפּטשעט אים לייכט אויפן אויער.

— לאָמיר גיין אַהיים...

ער עפנט לייכט דאָס מויל אין אַ שמייכל, זיין בליק שמייכלט מיט. ער פאַרשטייט דעם מיין און ער ווייסט אַז דאָס איז נישט די צייט פון שטעלן זיך אַנטקעגן. שווייגנדיק שטייט ער אויף און זי נעמט אים אונטערן אָרעם. די ווייסע דרייעקיקע סטענגע האַלט פאַרשייט אַביסל אירע קרייזלדיקע זיך ווייסלנדיקע האָר.

ביידע טוען אַ לייכטן העפלעכן שאָקל מיטן קאָפּ צו דער פרעמ־
דער. זיי גייען אַוועק לאַנגזאַם און זי טוליעט זיך צו צו אים
פונקט ווי אַמאָל, אין די גליקלעכע שוין פאַרגאַנגענע טעג, ווען
די יוגנט האָט נאָך געבליט און די געדאַנקען האָבן געשפּינט גאָל־
דענע געוועבן. — — —

# פאַלנדיקע בלעטער

אַ גאַנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביזן שפּעטן פאַרנאַכט, דרייט זיך גאַליק אַרום איבערן שטח פון דער פאַבריק און גיט אַכטונג אויפן גרינס. בעת מען האָט אַוועקגעלעגט די פונדאַמענטן פון די פאַבריקס־געביידעס — האָט מען אויך געזאָרגט פאַרן גרינס ווייל דער באָדן איז געווען זאַמדיק און אַפילו קיין דערנער זענען אויף אים נישט געוואַקסן. און ווען דער אַלטער ציפּאָרין, דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, האָט אָנגענומען גאַליקן פאַרן אָרעם און הייזעריקלעך קאָרג געזאָגט.

— נו, כ׳מיין אַז דו ווייסט שוין וואָס דו האָסט דאָ צו טאָן!... האָט, גאַליק, אָנשטאָט אַן ענטפער, שמייכלענדיק געזשמורעט די אויגן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

שפּעטער האָט זיך דער זאַמדיקער באָדן געפלעקט מיט שוואַרץ־ברוינער ערד, גאַליק האָט עס צעקרישלט, צעדרויבלט און פונאַנדערגעוואָרפן פראָפּאָרציאָנעל, אומעטום גלייך. ער האָט זיך גע־ציאַצעקט מיט דער ערד ווי מיט עפּעס אַ טייערער זאַך, אַ יקר־המציאות. נאָכדעם האָט ער איינציקווייז פאַרזעצט יעדעס גרע־זעלע, עס באַוואַסערט און געגלעט מיט די פינגער ווי עס צערטלט נאָר אַ מאַמע איר פריש געבוירן קינד. און אַז אויפן שטח האָבן שפּעטער אָנגעהויבן שאָטענען געדיכטע ביימלעך און קאָליריקע בלומען האָבן גענומען שימערירן אין די שטראַלן פון דער זון — איז גאַליקס האַרץ געוואַקסן פון צופרידנקייט און פרייד: דאָס אַלץ איז זיין אייגענע אַרבעט, אייגענע פּראַצע אויף ישראלדיקער ערד.

אַ גאַנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביזן שפּעטן פאַרנאַכט, דרייט זיך גאַליק אַרום איבערן שטח און זיינע שאַרפע אויגן־שפּעלטלעך

גלעטן אַלץ אַרום מיט פּאַטערלעכער זאָרג. דאָ דאַרף מען אַראָפּנע־מען אַ פּאַרדאַרט צווייגעלע און דאָרט פּליכלט זיך דאָס דשא — דאַרף מען הייסט עס האָבן אַ פּריש ביסל זבל. איצט שטייט ער דאָ אַ ווײַלע מיט דעם וועגעלע אין די הענט און קוקט זיך אַרום אַ פּאַרזאָרגטער. עס איז פּאַרפּלייצט מיט געלע גאָלד קאַליריקע בלעטלעך. ער שאַרט זיי לעצטנס יעדן טאָג אַוועק און צונויפֿאָרגנס שיטן זיי זיך ווידער אָן אויפן גראָז ער נעמט אַרויס פון דער הויזן־קעשענע אַ פּאַפּיראָס, פּאַרשטעקט אים גלעאַסן אין ווינקל פונעם מויל, נעמט לאַנגזאַם אַרויס אַ שאַכטל שוועבעלעך און עס גיט זיך אַ בלאָז אַרויס אַ בלויער רויך. נאָכדעם פּאַרלעשט ער דאָס שוועבעלע ,וואַרפט עס אַוועק און טרעט עס צו מיטן שיך, ער שפּייט אויס און פּאַרקוקט זיך אויף איין פּונקט, קייענדיק געלאַסן דעם שפּיץ פונעם פּאַפּיראָס.

דער ווינט וויגט די צווייגן פון דיביימער און מיט יעדן טרייסל רייסן זיך בלעטלעך און פאַלן, פאַלן אַראָפּ אַביסל ווייטער, ווערן געריסן פונעם ווינט און אויפן אַספּאַלט קוילערן זיי זיך אַוועק נאָך ווייטער מיט אַ הויכן שורש.

דאָס שורשען גיט אַ קראַץ איבער גאַליקס מוח מיט אַ געלקייט פון אַ פּאַרזשאַווערטער נאָדל און עס ווערט אים קיל ווי עס וואָלטן אים אויך איבערן לייב זיך צעשיט קליינע שפּיזיקע נאָדע־לעך. צווישן די ביימער זעט ער געגנוי שווינדלדיקע פיגורן וואָס איילן זיך און שאַרן זיך ווי שאָטנס. ער זעט אַלץ מער די גלאַנ־ציקע קנעפּ און די ווייסע בייניקע אָפּצייכענונגען. זיי ווערן אַלץ קלאָרער און נאָענטער. פּאַר זיי לויפן מענטשן מיט אונטערגע־בראָכענע פיס, מיט אויסגעלאָשענע אויגן פון שוין פּאַרשטאַרצטן פּחד. און דער ווינט פייפט און רייסט אַראָפּ די בלעטלעך און טראָגט זיי אַוועק צוזאַמען מיט די יאָמערדיקע געשרייען. נאָכדעם צעקנאַלט זיך עפּס בליציק און דער לופט און די שטילקייט פון דעם „גאָלדענעם פּוילישן הערבסט״ ווערט אויפגעציטערט אויף

אַ ווײַלע ביז עס צעפּאַליעט זיך ווידער דאָס שטילע, מאָנאָטאָנע שורשען פון די בלעטער. — — —

אַ האַלבער לעבן איז אַוועק ביי גאַליקן אויף ערד וואָס האָט לאַנגע דורות געשפּייזט זיינע עלטערן. אַ בוך אַ פול פאַרשריבענער מיט מי און אויסגעלאָשענע חלומות. איצט גייט ער גאַליק איבערן שטח מיט פעסטע טריט און דער איינציקער פאַרדראָס איז אויף זיך זעלבסט: צו שפּעט געקומען צום שכל.

ער וווּנדערט זיך בלויז ווי אַזוי ער האָט עס אַלץ געקענט איבערלעבן און געבליבן אָט אַזוי איינציק אַליין ווי אַ זכר בעל כרחו.

די ביימער ווערן שיטערער, פון טאָג צו טאָג זעט מען אַלץ מערער דעם הימל דורך די צווייגן און מיט יעדן בלעטל רייסט זיך גאַליקן אָפּ עפּעס פון אינעווייניק. ער פילט ווי ער ווערט וואָס אַמאָל אויסגעהוילט און עס רינט פון אים אַוועק דער זאַפט.

# אָפּגעגעבן ברויט

שושס בלאָנדע האָר האָבן זיך געפּאַליעט אַרום איר הויכן האַלדז מיט אַ גאָלדן־זיידענעם אָפּשיין. זי האָט די האָר געקעמט און געבאַרשט בליקנדיק מיט יינגער פאַרשייטקייט אינעם גרויסן שטייענדיקן שפּיגל.

— שוש, שוין גענוק געשטאַנען ביים שפּיגל!

רבקה האָט איצט צעוואַשן די פּאָר טעלער און פון דער זייט אָבסערווירט דאָס טעכטערל מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן. די באַמערקונג האָט זי געוואָרפן ווי דרך אגב, אין זייער אַ שטילן און געמיטלעכן טאָן און געטראַכט דערביי אַז דאָס איז אפשר אין גאַנצן איבריק אָבער אַ יינג קינד דאַרף פונדעסטוועגן אַמאָל אָפּפילן די שטאַרקע האַנד פון אַ מאַמען. — — —

שוש איז ערשט נישט לאַנג נאָך געווען אַ נישט דערפּאַרן, פּיצל קינד און מיטאַמאָל האָט זי זיך צעבליט. ווי אַ קאַקטוס־בלום וואָס שפּרינגט אַרויס פון איר באַהעלטעניש אין געציילטע מינוטן פון דער נאַכט — אַזוי האָט שוש מיט אַמאָל דערפילט אין זיך די אָנוואַקסנדיקע רייפקייט אין אַלע אירע גלידער. ווי איבער נאַכט האָבן זיך די קליינע בריסטלעך צעוואַקסן און פאַרונ־דיקט און אַז רבקה האָט דערזען דעם טעכטערלס רונדע היפטן האָט דאָס מאַמעשע האַרץ אָפּגעקלאַפּט מיט טיפן געהאַמעוועטן שטאָלץ. אָבער גלייך נאָכדעם האָט זיך אויך דער אומרו פאַרגנבט אין רבקה׳ס האַרץ. שוש האָט אָנגעהויבן אַביסל צו פאַרנאַכלעסיקן די לעקציעס, אָפט געקומען אַהיים פון די טאַנץ־אָוונטן אַ פאַרויטל־טע און שפּעטער אָפּגעלעגן מיט וואַכע אויגן ביזן די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט.

רבקה האָט געשוויגן. זי האָט געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער רגע.

אַפילו מנחמען האָט זי נישט מרמז געווען וועגן אירע פאַרדאַכטן. ביז אין אַ געוויסן פּרייטיק־צו־נאַכטס האָט עמעץ נישט דרייסט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און אויפן שוועל איז געבליבן שטיין אַ בחורל.

— אמא, — האָט שוש אויסגערופן — דאָס איז מיין חבר עובדיה, ער איז פון די בעסטע אין בסמ״ת.

און אָננעמענדיק אים פאַר דער האַנד איז זי מיט אים אַריין צו זיך אין צימער.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך אַ ווײַלע דורכגעווונקען מיט די אויגן. זיי האָבן באַוויזן בלויז אויפצוכאַפּן די געדיכטע שוואַרץ־געקרײַזל־טע הויכע האָר און דעם שאַרפן בלישטש פון זיינע טונקעלע אויגן.

דער גאַנצער אומרו וואָס האָט זיך געזאַמלט און געגעסטעט אין רבקה׳ס געמיט — האָט ווי אַ ספּרונזשינע זיך צעעפנט. זי האָט דערפילט אַז דאָס אַלץ פאַר וועלכן זי האָט געציטערט — איז געוואָרן אַ ממשות: שוש האָט אַ חבר פון די עדות המזרח. אמת, ס׳איז אַפילו נויטיק זיך אויסצומישן, מען דאַרף צוזאַמענ־גיסן דאָס בלוט פון די פאַרשיידענע עדות. די תימנער זענען זייער סאָלידע און אַרבעטזאַמע מענטשן. אָבער... אָבער פאַרוואָס דאַרף עס דווקא זיך אָנהויבן פון אונדז?...

פון דאַן זענען שוין אַוועק אַ פּאָר וואָכן און רבקה האָט נאָך אַלץ נישט געפונען קיין פּאַסיקע רגע. זי טראַכט אַז אפשר איז כדאַי צו לאָזן דאָס אַלץ מיט דער צייט. אפשר וועט שוש אַליין קומען צום שכל — ווען עס וועט אויסוועפּן די ערשטע באַ־גייסטערונג. — — — —

שטייט זי איצטער רבקה, צעוואַשט די פּאָר טעלער, אָבסערווירט פון דער זייט דאָס טעכטערל, זעט ווי דאָס קינד איז זיך צעוואַקסן ווי אַ פרישע בליענדיקע בלום און פאַר אירע גייסטיקע אויגן שוועבן אַדורך בילדער פון אַ לאַנג־פאַרשווונדענער צייט:

זיי וווינען אין דאָרף ווו דער פאָטער פאַרוואַלטעט מיט דער ווירטשאַפט פון אַ פּוילישן הויף. פאַרנאַכטיקע דעמערונג הילט

אַרום דעם גאָרטן ווו זי וואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין קומען. די מוטער קוקט בגנבה דורך דעם צוגעדעקטן פענצטער מיט טיפן פאַרדראָס און טרויער. וואַצעק הייסט ער — אַ קרוב פונעם גוט־באַזיצער. אַ שיינע בלאָנדער בחור מיט זייער דעליקאַטע הענט. נישט איינמאָל וואָרנט די מאַמע:

— טאָכטער מיינע, ער איז נישט פאַר דיר, ער וועט דיך אויסנוצן און וועט דיך פאַרלאָזן. אַ יידישע טאָכטער דאַרף נעמען אַ יידישן בחור...

אָבער דאָס יינגע צעגליטע בלוט מאַכט נישט קיין חשבונות. ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געווען ווען נישט די מלחמה. וואָס האָט זי געצווונגען צו פאַרלאָזן די היים. — — —

רבקה שעפּט אָן אַ פולע ברוסט מיט לופט, זי וועקט זיך איבער פון דעם זיסן חלום. שוש שטייט נאָך אַלץ ביים שפּיגל.

— אָפּגעגעבן ברויט... וואַרפט זי אַרויס אזוי ווי פאַר זיך. און צו שושן:

— מילא, קום נישט צו שפּעט אַהיים. — — —

# דער מענטש מיטן טראַנזיסטער

אויפֿן ים־ברעג איז געווען שטיל. אויך דער ים האָט היינט נישט געכוואַליעט. מענטשן האָבן גערוט, ווער עס האָט זיך גע־וואַרעמט אויף דער זון און ווער — זיך געקילט אין שאָטן. נאָר די קאָלירן פֿון די באָד־קאָסטיומען האָבן זיך געפֿאַליעט אין געצויגן דאָס אויג. בלומען אין רויט און געל; גרינע, לאַנגע בלעטער אויף טונקל־גראַנאַטענעם פֿאָן, סעלעדינע דריי־עקן, ציגל־העל און ברוין, ווייסע און שטאָל־גרויע געוועבן האָבן זיך געמישט און באַוועגט אויפֿן העלן אָנגעגליטן זאַמד.

עמעצער האָט זיך געשמירט מיט ברוינער פּליסיקייט. דער שלאַנקער קערפּער האָט געגלאַנצט. נאָך אַ ביסל און ער ווערט ענלעך צו אַ בראָנדזענער סטאַטוע; נאָר די יינגע פֿרוי האָט נישט אויפֿגעהערט צו שמירן אירע הענט און פֿיס, זי האָט לייכט מאַסאַזשירט אירע ביאַדרעס, געפֿירט די האַנד מיט לייכטקייט איבער איר בויך; זי האָט עס געטאָן מיט לוסט ווי מען מאַכט אַן הייליקע אַרבעט, די הנאה האָט אַרויסגעשפּראָצט פֿון אירע באַ־וועגונגען און די אויגן, האַלב פֿאַרמאַכטע, האָבן עפּעס לייכט געשמייכלט.

עס איז געווען שטיל כאָטש מענטשן האָבן זיך באַוויגן. גלייך מען וואָלט געשלאָסן אַ שטילן אָפּמאַך, גלייך מען וואָלט זיך געפֿינען אין אַ וואַרטע זאַל פֿון אַ שפּיטאָל. יעדער איינער איז געווען פֿאַרטראַכט אין זיך. אָפּטמאָל מאַכן מענטשן אַ קליינעם חשבון־הנפש. ווער עס האָט געטראַכט פֿונעם נעכטיקן פֿאַרגאַנ־גענעם אָוונט, פֿון אַ נישט אויסגענוצטער געלעגנהייט, פֿון אַ גליקלעכן צופֿעליקן צוזאַמענטרעף, פֿון אַ אָנגענעם געשפּרעך, פֿון אַ גוט וואָרט וואָס אַ צופֿעליקער אומבאַקאַנטער האָט געלאָזט

פאַלן. עמעצער האָט געטראַכט ווי אַזוי צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף אומבאַקאַנטע.

אָפּטמאָל האָבן מענטשן אַ גאָר גרויסע הנאה פון שווייגן. ביז דאָס וואָרט ווערט פאַרעפנטלעכט איז מען אַליין דער באַלע־באָס — נאָכדעם האָט דאָס וואָרט די שליטה איבער דיר. שווייגט מען דעריבער אָפּט און די שטילקייט ביים ברעג ים קוויקט אָפּ, פרישט אָפּ, גלייכט אויס די ביינער און פילט אָן די נשמה מיט נייע באַדערפענישן. איז געווען שטיל ביים ברעג ים.

פלוצעם האָט אַ מעטאַלענע גרילצעניש זיך צעטראָגן אין דער לופט. אומגעריכט און חוצפּהדיק. מענטשן האָבן אינסטינקטיוו אויפגעריסן די אויגן, געזוכט דעם מקור פונעם אומגעבעטענעם גאַסט. נישט פאַראַן קיין שרעקלעכערע זאַך פאַרן מענטשן ווי אַ פּלוצעמדיקע אומפאַרהאָפטע שטערונג אין זיין טאָג־טעגלעכקייט, אין זיינע געוווינהייטן, אין זיין לעבנס־שטייגער. אַפילו אַ מענטש מיט אַ שטאַרקער טאָלעראַנץ דערפילט ווי אַ לייכטער שטראָם שפּאַרט אַרויס פון זיינע שפּיץ־פינגער פון די פיס און יאָגט אָן אָן אומדערטרעגלעכע וואַרעמקייט אין גאַנצן קערפּער.

— ווער איז עס דאָס דער שטערער ? !

— וואָס וויל ער דאָ האָבן, דער אידיאָט ? !

מען האָט עס אַרויסגעפילט פון די אויגן, פון די באַוועגונגען פון די פיס נאָר קיינער האָט עס נישט געבראַכט פאַר די ליפּן.

איבערן ים־ברעג האָט זיך געטראָגן אַ גרילצעניש פון מעטאַל. אַ דאַר נידעריק פאַרשווינדל מיט לאַנגע צעפּאַטלטע האָר האָט געשפּאַנט איבערן זאַמד מיט אַ טראַנזיסטער. דער אַפּאַראַט איז געווען גרויס און שווער, ער האָט אים קוים דערטראָגן אין איין האַנט. דאָס פאַרשווינדל איז אַ ווײלע שטיין געבליבן, געוואָרפן גיריקע בליקן אויף די פרויישע קערפּערס און האָט אָנכאַפּנדיק אַ גאַלקע פונעם טראַנזיסטער — נאָך העכער צערודערט די לופט. ער האָט זיך געריכט אויף זידלעריי, אויף פּראָטעסט, אויף אומ־צעפרידנקייט. זיינע אויגן האָבן געשפּיזט מיט פייערלעך. אָבער

קיינער האָט נישט רעאַגירט. אַפילו די וואָס האָבן פריער אויפ־געהויבן די קעפּ אין אומגעדולדיקייט, האָבן צוריק צוגעמאַכט די אויגן, זיך פאַרטיפט אין זיך, אין אייגענעם שטילשווייגן.

דאָס פאַרשווינדל האָט נישט אויסגעהאַלטן, דער שטומער פּראָ־טעסט האָט אים אויפגעבראַכט. גרינגשעצונג, באַגאַטעליזירונג איז ערגער פון אַ פּאַטש.

— נישטאָ דאָ קיין מבינים אויף מוזיק! האָט ער אַרויסגע־וואָרפן און איז שנעל אַוועק.

מען האָט דערהערט דעם שטילן צופרידענעם אָטעם פון די מענטשן.

# נאָך דעם אמת

די ווערטער זענען איר געבליבן שטעקן אין האַלדז. ס׳איז איר שווער געווען עפּעס וואָס צו ברענגען פאַרן מויל. פאַראַן פאַלן אין לעבן ווען דער אמת קען אויך שאַדן אַפילו ווען די באַשעפ־טיקונג פאָדערט „דעם אמת און דעם גאַנצן אמת״.

זי איז געווען אַן אַדוואָקאַטין וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין פאַרברעכנס און פאַראַט. און פון די קליענטן האָט זי געפאָדערט דעם אמת, זי האָט געדאַרפט וויסן וועגן אַלע איינצלהייטן כדי זי זאָל קענען געפינען אַן אויסוועג. די מינדסטע שפּאַרונקע און די זאַך האָט באַקומען אַ גאַנץ אַנדער ריכטונג. און ווען דאָס גייט אַריין אין בלוט — ווערט עס די צווייטע נאַטור. מעגלעך אַז דאָ האָט אויך געשטעקט דער וויבערישער נייגער. גאַנץ אָפט האָט איר פאַרכאַפּט די פּיקאַנטישקייט פון זאַכן וואָס קומען פאָר שטענדיק צווישן פיר ווענט. עס דוכט זיך אַז קיינמאָל וועט קיין מענטשלעך אויג זיי נישט אויפדעקן נאָר עס קומט דער טאָג און אַלץ צעשפּריצט זיך אַרויס אין דרויסן. נייגעריקע אויגן און אויערן שפּיזן זיך אין אַלע זייטן, מען האָרכט אויס דורשטיק אַלע קלענסטע פּרטים און זי, מיט גרויסער רוטין און הנאה, פירט די אַזוי באַליבטע שפּיל, בעת די שוישפּילער פאַרלירן זיך אַביסל פון די טפּאָנטאַנישע געלעכטער־אויסברוכן אויפן זאַל. —

זי איז אַ געשולטע און פּעאיקע אַדוואָקאַטין. איר דינע קינדער־שע פיגור ווערט מערקווירדיק אויסגעצויגן אין דער שוואַרצער טאָ־גע. איר פּנים איז באַהויכט מיט מאַיעסטעטישער רוייקייט און מיט עטוואָס לייכטן אומרו אין די אויגן. אַ שטענדיקער שמייכל באַגלייט אירע דעליקאַטע באַוועגונגען און די ווייכקייט פון אירע ליפּן פאַסן

זיך אַזוי זעלטן צו צו אירע שיין סטיליזירטע זאַצן וואָס ווערן אַרויסגערעדט מיט זעלבסטזיכערקייט און מיט אַ שמץ ציטער פון געבעט. זי ווייסט שטענדיק אַז דער מענטש איז שלעכט פון געבוירן און נישט אַלץ קען מען נעמען מיט דער גאַנצער האַר־בקייט פונעם געזעץ. —

און איצט... איצט איז זי אַליין געווען אין אַ מאָדנער לאַגע. זי האָט נישט געקענט עפענען דאָס מויל. ווו איז פאַרשוווּנדן איר כוח הדבור? וואָס איז געשען מיט איר בליציקייט? גלייך אַלע ווערטער וואָלטן מיט אַמאָל אַנטרונען געוואָרן פון איר זכרון. זי האָט געפּרוּווט אַנצוכאַפּן דעם עק פונעם פאָדעם וואָס האָט זיך פּלוצעם צעריסן אָבער אומזיסט. —

ער האָט געקוקט אויף איר אַ פאַרגאַפטער. אין פאַרלויף פון זייער צען־יעריקן צוזאַמענלעבן האָט נאָך נישט פּאַסירט קיין איין פאַל פון ערנסטער מיספאַרשטענדעניש. קיין איינמאָל האָט קיינער פון זיי נישט פאַרלעצט דעם הסכם וועגן באַגרענעצטער פרייהייט וואָס איינער האָט געגעבן דעם צווייטן. ער האָט געוווּסט וועגן אַלע פלירטן אירע וועלכע האָבן זיך געוויינלעך געענדיקט מיט עטלעכע לייכטע געשפּרעכן. ער האָט געקענט געגנוי זיינע „קאָנ־קורענטן" און איז שטענדיק געווען זיכער אַז ער האָט נישט פאַר וועמען צו ציטערן. פאַרקערט, אין מערסטנטייל פאַלן האָט ער דווקא הנאה געהאַט פון די פּרוּוון זי צו דעראָבערן און זיין מענע־רישקייט איז דורך דעם געוואָרן נאָך מער געשטאַרקט. אָבער איצט — וואָס איז געשען מיט איר?

זיין בליק האָט זיך שטרענג איינגעגראָבן אין אירע אויגן, גע־וואָלט אַנטדעקן דעם סוד. און זי האָט געשוויגן. נישט געפינען דאָס ריכטיקע וואָרט כדי צו ענטפערן אויף זיין פראַגע ווו זי האָט פאַרבראַכט דעם לעצטן אָוונט ביז אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט. —

פּלוצעם האָט זי אויפגעהויבן אירע אויגן, געזען זיין שאַרפן

בליק אין וועלכן עס האָט זיך געצייכנט אַ גרויסער פראַגע־צייכן.
זי האָט זיך דערנעענטערט צו אים און אַרומנעמענדיק זיין האַלדז
מיט אירע ווייכע אָרעמס האָט זי אים אַ קוש געטאָן און שטיל
געפּליסטערט:

— לאָז מיך היינט, אַ גוטע נאַכט, טייערער. — — —

# י ם

דער ים. וויפיל ברייטקייט, וויפיל פראַכט. וויפיל אומפאַרשטענ־דלעכע קראַפט. אַז ער צעוויגט זיך זעט ער אויס מיסטעריעז. דער הימל פאַרציט זיך מיט אַ וואָלקן און דער ים ווערט טרויעריק. ווייס איך נישט: צי טרויערט דער הימל צוליב דער בייזקייט פונעם ים אָדער פאַרקערט. עס בלאָזט אַ ווינטל און עס דאַכט זיך אַז דאָס ווינטל שלעפט נאָך זיך מיט אומזעבאַרע שטריק אַ פאַליע. די פאַליע צעשפרייט זיך מיט ווייסן שפּרודלדיקן שוים. נאָך איר יאָגט אָן אַ פרישע פאַליע מיט שטאַרקער קראַפט, וויל איבעריאָגן די ערשטע. שוימט זיך, גיסט זיך איבער און עס קומט גלייך אַ פרישע. דער ים וויגט זיך און רוישט, שימערירן די וואַסער־טראָפּנס אין דער זון, שפּריצן פונקען מיט פערלדיקן גלאַנץ, שפּילן זיך מיט דער זון, ווערן צעשמאָלצן אינעם פייער.

דער ווינט לעקט איצט די פאַליעס און די פאַליעס לעקן די שטיינער ביי דעם ברעג. ליגן זיי די שטיינער מיט גרינעם מאָכיקן גלאַנץ, לאָזן זיך טוליען צו די וואַסער־אָרעמס און שמייכלען פאַרשלאָסן אין זיך — זיי ווערן נישט נתפּעל פון שטאַרקייט פון ים, עס רירט זיי גאָרנישט.

און אַמאָל טרעפט אַז דער ים ווערט פאַרמאַטערט פון שטענ־דיקן געבערום. עס קומט צופליען אַ לייכט ווינטעלע און גיט אָן אַ בשורה פון ווייטנס: שטיל זאָל זיין! די זון נעמט זיך שפּיגלען אין האָריזאָנט אין איר גאַנצער קיילעכדיקער פּראַכט. ס׳דוכט זיך אויף אַ ווײַלע אויס אַז אַלץ בלייבט שטיין באַוועגלאָז; דער ים פאַרבט זיך אָפּ מיט בלויען קאָליר און ציט זיך אויס פונעם האָריזאָנט ווי אַ שפּיגל. קיין שום קנייטשעלע, קיין מינדסט פאַל־דעלע, ווי דאָס פּנימל פון אַ ערשט געבוירן קינד און דאָן נעמט

זיך די זון טוקן. צוערשט גליטשעט זי זיך אויף דער אויבערפלאַך
ווי זי וואָלט וועלן פּרובירן דעם טעם פון דעם וואַסער און נאָכדעם
נעמט זי זיך אַראָפּלאָזן ביז עס בלייבט איבער אויפן האָריזאָנט
אַ קרוין פון זיך לעשנדיקע שטראַלן און דער ים אָטעמט אָפּ מיט
טיפער אָוונטיקער רו. — — —

## צעשיידונג

זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק און נישט געקענט קוקן איר אין די אויגן. ער האָט געזען אירע ליפּן וואָס האָבן לייכט געציטערט גלייך זיי וואָלטן געשעפּטשעט אַ געבעט. אַ שטאַרקער ווילן האָט אים באַהערשט אַרומצוכאַפּן איר און צודריקן צו זיך — אַזוי צום לעצטן מאָל אָבער ער האָט זיך באַהערשט און גענומען בלויז איר צאַרטע קליינע האַנט. אַ וואַרעמער שטראָם האָט זיך געגאָסן אין זיינע אָדערן. ער האָט געגלעט אירע דעליקאַטע פינגער, זיי זענען געלעגן אין זיין האַנט און זענען אַזוי ווי קלענער געוואָרן, איינגעשרומפּן. גע־דאַכט האָט זיך אים אַז זיי גליטשען זיך אָפּער און ווערן פאַר־שווונדן. אָבער פּלוצעם האָט ער דערפילט ווי זיי וועקן זיך איבער מיט ברען און פאַרוויקלען זיך אין זיינע פינגער. מיט דער צווייטער האַנט האָט זי אים פלינק אַרומגענומען. זי האָט געזוכט זיינע ליפּן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן־לעפלער. די פייכטקייט האָט אים געקילט אין די באַקן. —

# פרילינג

קיין מענטשלעכע האַנט האָט דאָ נישט באַרירט די גראָזן. זיי וואַקסן ווילד, פולע און גרין. דער הימל האָט געשיקט די רעגנס און די ערד האָט מיט אָפענער האַנט געגעבן איר ברכה. ווי פּרעכטיק זענען די געלע בלומען! זיי שפּרייטן אויס ברוחדיק זייערע צאַרטע דינע פינגער איבער די גרינע בלעטער און טונקען זיך אין זוניקער שיין. איז דאָס גראָז הויך און געדיכט, אַז מען קען זיך איינטונקען אין דער גריניקייט ווי אין זאַנגיקע בייטן. דער הימל שמייכלט מיט העלן בלוי און די פייגעלעך צוויטשערן אַרום מיט פריילעכן געקלאַנג.

אויפן שפּיל־פּלאַץ שטיפן די קינדער, זיי שווימען אויף די סקעטן מיט רעש, מיט געפּילדער. די קליינטשיקע פּילדערן נאָך מער צווישן די ביימער. זיי גליטשען זיך אַראָפּ פון דעם גליטשער און ראַטשקעווען זיך צוריק אַרויף. זיי קריכן אויף די לייטערס און וויגן זיך שווינדלענדיק אויף די הוידאַלקעס. פרילינג.

נייַ, פריש, ווידערבאַנייונג. גלויבט דער מענטש אין פרילינג — ווערט ער אויך באַנייט. די לופט איז פול מיט פריש־נייע ריחות און מיט פייכטקייט פון ערדישער שפע. פון די גראָזן און פון די ביימער שפּאַרט מיט סוד פון ניי־לעבן, פון דערוואַכונג.

דיינע איז די וועלט — נעם און געניס.

# אינטימע שטילקייט

די נאַכטיקע פינצטערניש דרעמלט אויף די בערג און אויף זייערע אַראָפּהאַנגען. ערגעץ ווו שפּאַרט זיך דורך אַ בלייכער שטראַל פון אַ ווייטן שטערן דורך די געדיכטע וואַלקסנסקנוילן. אין דער לופט שטייט אַ פייכטע שטיקעניש וואָס זוכט אַ פּאַסיקע מינוט אויסצולאָדן די אָנגעזאַמלטע שווערקייטן אירע. ס'איז פאַר טאָג.

אַ גרויקייט ציט זיך איבער הייזער, הילט איין די ביימער, אַפילו די שאָטנס אויף די בערג. נאָר פּלוצעם טוט זיך עפּעס אַ צעשאָט מיט שאַרפן פּליאַסק. לייכטע טראָפּנס רעגן רייסן זיך אָפּ פון די הייכן, צוערשט געלאַסן, ווי זיי וואָלטן געפּרוווט זיך פאַרגנבענען, דערנאָך שנעלער און שנעלער ביז לאַנגע פּאַסן רעגן גרייכן שוין צו דער ערד. דער אַספּאַלט ברעכט זיי איבער מיט אַ רעש און צעשפּריצט זיי אַרום זיך צו דער וואַרטנדיקער ערד.

דער הימל טוליעט איין די גאַס מיט גרויע אָרעמס. פון די בערג גליטשען זיך אַראָפּ געדיכטע וואַסער־שטראָמען. און עס ווערט אַזוי שווער און גלייכצייטיק אַזוי מאָדנע לייכט אויפן געמיט. אַלץ ווערט נאָענט, אינטים, היימיש. אַפילו די קאַץ וואָס טראָגט זיך דערשראָקן פון זוכן עפּעס אין מיסט, דער הונט, וואָס וואַנ־דערט אַ היימלאָזער און רייבט זיך אָן אָן דיין פוס מיט שטילן געפּישטש. נאָר דער מענטשן־סילועט וואָס שוועבט פאַרביי אַן איינגעטוליעטער אין רעגן־מאַנטל טראָגט דיר אַנטקעגן שטילע, גורלדיקע בשורות...

אינעם גערויש פונעם לעצטן רעגן הערט זיך אַ מענטשלעכע שטילקייט, אַן אינטימע שטילקייט. —

## בלוי געקלאַנג

פרימאָרגן. שבת־רו איז אויסגעגאָסן איבער דער אַלייע. נישטאָ קיין סימן פון מענטשלעכע טריט, ווי מען וואָלט מיט אַ כיוון אויסגעמיטן דאָ צו גיין. אַ גאַנצע וואָך יאָגט מען זיך דורך דאַנען צו דער אויטאָבוסן־סטאַנציע, אין געאייל פאַרוויכערט ווער אַ פּאַ־פּיראָס און דאָס ליידיקע שאַכטל וואַרפט ער אויפן גראָז. וואַל־גערן זיך דאָ טאָקע שטענדיק פּאַפּירן, סיגאַרעטן־שאַכטלעך, שיסע־לעך פון גלידה.

היינט איז דאָ ריין און שטיל. נישטאָ ווער ס'זאָל צעטרייבן די פייגל־געסט וואָס קומען אַהער פון ווייטע לענדער. דער הימל איז שימערירנדיק־בלוי און די לופט כאַפּט־אויף און צעטראָגט פרי־צייטיקע טרעלן און צוויטשערייען. אַ שטילער געררויש פון צווייגן צעטראָגט זיך אין דער לופט. און אַז צווייגן באַוועגן זיך שימע־רירן די יינגע, פרישע בלעטעלעך מיט העלן גרין. יאָ,ביימער טוען זיך אָן אין נייע מלבושים לכבוד דער אָנגעקומענער וואַרעם־צייט. צוויטשערט אַ פויגל. ער זינגט אויס זיין פרימאָרגן־תפילה מיט כוונה און בענקעניש. טשווי... טשווי... דער שנאָבל פאַריסן אין דער הייך און דער ווייסער האַלדז בלאַנקט ממש אַרויס פון די שוואַרצע און גרויע פעדערן וואָס הילן אים איין. טשווי... נאָך אַ טרעל און ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן גראָז, וואַרפנדיק דעם שנאָבל אויף רעכטס און אויף לינקס. ער זוכט עפּעס מיט וואָס דאָס האַרץ זיך צו דערקוויקן.

אויף אַ שכנותדיקן בוים זאַמלען זיך פאָרעלעך. זיי האַלטן זיך זאַלבעצווייט. פאַרליבטע. די געלע פעדערן פון די עקעלעך זייערע וואַרפן זיך אין ציטער. זיי קוקן זיך ווייטיק אַריין אין די אויגן און שנאָבלען זיך פריילעך אָן אויפהער. עס זעט אויס, ווי

עס וואָלט הערשן צווישן זיי שלום און פאַרשטענדעניש, ווייל זיי פאַרגייען זיך פּלוצעם אין אַ געזאַנג, אַ דועט. זי הייבט אָן מיט אַ דינעם סאָפּראַן־טרעל און ער יאָגט נאָך, פאַרציענדיק באַסיק־טיף און לאַנג. דאָס אַנדערע פייגל־פּאָרל, וואָס שטייט אויף אַ נידעריקערער צווייג, לאָזט מיטאַמאָל אַרויס עטלעכע פריילעכע, אָפּ־געהאַקטע טרעלן און פליט ראַפּטעם אָפּ צו אַ ווייטן בוים. מסתמא באַשלאָסן צו טוישן די וווינונג.

נישט ווייט פון דאַנען, צווישן די געדיכטע גראָזן, שפּאַצירט זיך געלאַסן אַ פייגעלע מיט אַ קרוין. עס שאַרפּט אָן אויפהער דאָס שפּיציקע שנאָבעלע און לאָזט אַרויס זילבערנע, קלינגענדיקע טרעלן. דאָס געזאַנג פון ווייטע וועלטן: „כי לי כל הארץ"...

# ווייסער שוים

דער ים שווענקט די ברעגעס. ער גרויט זיך און די פּאַליעס ווייסלען זיך מיט שוים. די שטיינער פון דעם קינסטלעכן אויפשיט גרינען און ער, דער ים, ברענגט מיט זיך דעם גרינעם אינגעווייד און זעצט אים אָפּ אויף די שטיינער.

לויטער איז דער הימל ווי געשליפענער קרישטאָל, דורכזיכטיק און לייכט, נאָר די ראַנדן פונעם האָריזאָנט פאַרבן זיך מיט לייכטן פורפור געמישט מיט פיאָלעט. די זון רויטלט זיך און נעמט זיך לאַנגזאַם און מילד קייקלען איבערן וואַסער. זי גיט איצטער אָפּ אירע לעצטע שטראַלן: גאָלד, צעשמאָלצן גאָלד איבער גלאַטן שפּיגל־ים.

עס איז שטיל, נאָר דער שאַרפער פייגל־פייף שניידט דורך די לופט. דאָס איז דער לעצטער פאַרנאַכטיקער געיעג נאָך שפּייז. באַלד וועלן זיי זיך באַהאַלטן אין זייערע נעסטן אויף נאַכטלעגער.

דער ים אָטעמט מיט זאַלץ און מיט פייכטקייט און די פּאַליעס שוימען זיך שושקענדיק מיט אַ מאָנאָטאָנער ימיקער שפּראַך, וואָס וויגט איין און הילט אַרום אַלץ מיט טיפער מיסטעריע.

אַ טאָג גייט אַוועק.

ערגעץ ווו צייכנט זיך אָפּ די קעגנוואַרט ווען זי ווערט פאַרשוווּנדן.

# אַפּאַטיע

די אויטאָבוסן־סטאַנציע איז פול מיט מענטשן. מ׳וואַרט שוין לאַנג־לאַנג און דער אויטאָבוס איז נאָך נישטאָ. עס איז פּריַיטיק און די באַוועגונג איז גרעסער ווי שטענדיק. מענטשן פאָרן פונעם מאַרק מיט קוישן אָנגעפּאַקטע מיט גריינסן און פרוכט. די זון וואַרעמט תמוזדיק און טראָפּנס שווייס זאַלצן זיך אין די אויגן. עס וואַקסט דער אומגעדולד און מ׳הייבט זיך אָן צו באַקלאָגן אויף די מאָנאָפּאָליסטן וואָס שטעלן נישט צו קיין אויטאָבוסן דווקא אין דער צייט פון דער שטאַרקסטער באַוועגונג.

אַ שאַרפער כאָרכל פון אַ מאָטאָר רייסט איבער די געדאַנקען און ווענדעט די בליקן צו דעם שאָסיי. דער אויטאָבוס שטעלט זיך האַסטיק אָפּ און פּראַלט אויף די טירן. מענטשן נעמען זיך באַוועגן צום אַריינגאַנג. דער שאָפער, וואָס פאַרקויפט אויך די בילעטן איילט אונטער די פּאַסאַזשורן און באַפעלט אויפן קול:

— פאָרויס, ביטע!

די מענטשן רוקן זיך זייער פויל און לאַנגזאַם פאָרויס. נאָך דעם לאַנגן אָפּוואַרטן איז יעדער שוין צופרידן מיט זיין שטייענדיקן פּלאַץ אין אויטאָבוס. דער שאָפער נעמט איצט וואָרענען אויפן קול:

— פאַרזיכטיק! איך מאַך שוין צו די טיר!

און די מענטשן אין דער דרויסנדיקער ריי שרייען, שטופּנדיק זיך צום אַריינגאַנג:

— גייט אַביסל פאָרויס! אין אויטאָבוס איז נאָך פאַראַן גענוק פּלאַץ!

— עגאָאיסטן!

ווען עס געלונגט שוין דעם שרייענדיקן פּאַסאַזשיר אַריינצודרינ־

גען אין אויטאָבוס, מאַכט זיך שוין צו די איינגאַנגס־טיר און דער שאָפער לאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר. די פאַרביטערונג בלייבט אין דרויסן, זי הענגט איבער דער לאַנגער ריי וואַרטנדיקע. און בעת דער אויטאָבוס פאַרהאַלט זיך אויף דער נאָענטסטער סטאַנ־ציע, רירט זיך נאָך אַלץ קיינער נישט פונעם אָרט, כאָטש אין סוף איז פאַראַן גענוק אָרט צו שטיין.

און דער שאָפער שרייט נאָך אַלץ אויפן קול:

— פאָרויס, ביטע! פאַראַן אַ סך מענטשן אויף דער סטאַנציע! אָבער קיינער הערט נישט זיינע באַפעלן און זיינע בקשות. צופרידן וואָס מ'איז שוין אינעווייניק, ווישט מען אָפּ דעם שווייס מיט אַ טיכל און מען לאָזט זיך טרייסלען דעם אַראָפּהענגענדיקן קאָפּ לויטן ריטם פון די רעדער און מ'הערט נישט און מ'זעט נישט...

# העלדישקייט

פון גאַנץ פרי אָן האָט זיך דער האַרבסטיקער הימל אָנגעצויגן מיט אומעט. דער ים גרויט זיך אינעם אָנבליק פון די טונקעלע וואָלקנס און די גאַסן האָבן זיך געגומען וואַשן מיט די גרויסע טונקעלע טראָפּנס פונעם האַסטיקן רעגן. דער אַספאַלט האָט זיך געשוואַרצט און אָפּגעגלאַנצט מאַיעסטעטיש, נאָר די גומענע רעדער פון די מאַשינען האָבן געשניטן זיין לייב און געצייכנט בלאַטיקע אותיות אויף און אָפּ.

אויף די טראָטואַרן שפּרייזן פוסגייער. זיי צעעפענען די שירעמס און שאַרן זיך ביי די זייטן פאַרזיכטיק, כדי נישט צו פאַר־טשעפּען מיטן שירם אַ צווייטן פאַרבייגייער. בעת עס פאַלט אַ רעגן ווערן מענטשן מער קאָנצענטרירט אין זיך, די טריט ווערן קלענער. ערשטנס — מ׳קען זיך אויסגליטשען און צווייטנס — מ׳היט זיך כדי זיך נישט צו פאַרשפּריצן מיט די אייגענע טריט. צווישן די פוסגייער אויפן טראָטואַר הערט זיך ווי אַ שטילער אָפּמאַך: פאַרזיכטיקייט. מ׳היט זיך קעגנזייטיק.

נאָר דער רעגן הערט נישט אויף און דאָס וואַסער אויפן כביש זאַמלט זיך און באַוווייזט נישט אָפּצולויפן. עס בלייבט שטיין אין קליינע קאַלוזשעס, וואָס שפּריצן אָפּ אין די זייטן מיט יעדן שמייס פונעם האַסטיקן רעגן. ביי דער אויטאָבוסן סטאַנציע זאַמלען זיך אַרבעטער. טייל באַהאַלטן זיך אונטערן דעכל און אַנדערע שטייען דערנעבן מיט צעעפנטע שירעמס. מען שטייט שטיל און געדולדיק. אין אַ רעגן זענען מענטשן, זעט אויס, ווייניקער אַג־רעסיוו און מער קאָנצענטרירט אין זיך.

און אויפן כביש טאַנצן די מאַשינדלעך מיט ווילדן אימפּעט. דער רעגן האָט, זעט אויס, אַ גאָר קליינע ווירקונג אויף דער שנעל־

קייט. מעגלעך גאָר, אַז די אָנגענעמע וואַרעמקייט אין מאַשין מאַכט גאָר פאַרגעסן, אַז אין דרויסן פאַלט אַ רעגן און אַז ס׳זענען פאַראַן מענטשן וואָס שטייען פּאָרזיכטיק נאָר אין אומגעדולדיקן ציטער אויפן ווינט.

בעת דאָס מאַשינדל פליט פאַרביי דער אויטאָבוסן־סטאַנציע גיט דער שאָפער אַ שטאַרקן דרוק אויפן גאַז און דאָס בלאָטיקע וואַסער פונעם כביש צעשפריצט זיך ווי אַ פעכער אויף די שטייענ־דיקע מענטשן...

# פֿאַלשע ביזשוטעריע

אַ גאַנצע וואַנט איז פֿאַרקלעבט מיט קאָלירטע פּאַפּירן. ווינקען זיי מיט זייער פֿאַרב, וועקן נייגער, ציען די אויפֿמערקזאַמקייט. פֿלאַ־קאַטן באָדן זיך אין שפֿע פֿון פֿאַרב און גערמעל און אין שפֿע פֿון געדאַנק און איינפֿאַל. פֿלאַקאַטן ריידן צום געוויסן, ריידן צום געפֿיל. מאָנען, פֿאָדערן, וועקן.

ביים עק פֿון דער אַלייע שטייט אַ באַנק אַן אָפּגעשיטע מיט אָסיענדיקע געלע בלעטער. עס איז איצטער דאָ שטיל און די נאַכטיקע פֿייכטקייט טריקנט אויס אין די וואַרעמע שטראַלן פֿון דער זון. קען מען דאָ צעוויקלען די געדאַנקען און באַוווּנדערן גאָטס שיינע וועלט. אָבער דער בליק פֿאַלט אויף דער וואַנט וואָס איז פֿאַרקלעבט מיט קאָלירטע פּאַפּירן — קענסטו זיך שוין מער ניט באַפֿרייען.

אַ פּאָרטרעט פֿון אַ פֿרוי — אַ זינגערין. מידע, טריבע אויגן. דער גאַנצער מענטשלעכער טרויער קוקט אַרויס פֿון זיי. נאָך אַ מינוט און דער לעצטער טראָפּן פֿון לעבן רינט פֿון איר אַוועק. צי איז דאָס דער טרויער פֿון ווייטיק פֿון אַ מענטשן וואָס האָט נישט מצליח געווען אין לעבן? גאַנץ מעגלעך. אָבער מעגלעך אַז ווען זי וואָלט זיך געווען פֿאַרנומען מיט באַאַרבעטן די בייטן פֿון דעם גאָרטן — וואָלטן אירע ליפּן געקענט אויך לאַכן און די הענט וואָלטן נישט געדאַרפֿט פֿאַרדעקן די פֿאַרגרעבטע פֿינגער. —

אַמאָל האָט דאָס געשטאַלט און געזיכט פֿון אַ זינגערין געוועקט אַ סך רעספּעקט און נייגער. קיינמאָל איז די דאָזיקע קונסט נישט דערגרייכט געוואָרן לייכט. דער וועג צו רום איז נישט שטענדיק אויסגעשפּרייט מיט קיין רויזן. אָבער דווקא די דערנער האָבן פֿאַר־האַרטעוועט און דער איינגעבוירענער לעבנס־לוסט האָט זיך אַנט־

פּלעקט אין די אויגן. אין דעם פענצטערל פון דער מענטלעכער נשמה האָט זיך צעשפּילט די פאַרב און די גאַמע פון נאַטירלעכע שפּעדיקע קלאַנגען.

דאָס איז געווען אַמאָל.

היינט — צעטרייסלט דער הויך־שפּרעכער די לופט און די אויערן פאַרלירן די עמפּינדלעכקייט. אָט צעגרילצט זיך די שטים ווי אַ נישט געשמירטע ציינער־ראָד אין מאַשין־האַלע — אַ צעקרימטע גרימאַסע ציט זיך אָן אויפן פּנים, אויגן צעשראָקענע ווי ביי אַ ווילדן פויגל און אַ נישט געשיקטע מעכאַנישע באַוועגונג ווי פון אַ מאַנעקין שליסט אָפּ אַ נישט־קיין־אַרטיקולירטן טאָן. אַ שוידער צעשאָקלט דיר דעם רוקן־ביין, פונעם קאָפּ ביז די שפּיץ־פינגער פון די פיס צעשיטן זיך דראָבנע מוראַשקעס. —

אמת, עס איז פּשוט אַ פיזישע אוממעגלעכקייט יעדן אָוונט צו לאַכן און זינגען פאַרן מיקראָפאָן און פאַרן אויפנעם־אַפּאַראַט פון דעם מאָדערנעם כשוף־קעסטעלע — די טעלעוויזיע. און ווייל מען טאָר נישט בלייבן הינטערשטעליק אינעם אוממענטשלעכן געיעג „גיט מען אַ קניפּ די באַק אַז די פאַרב זאָל שטיין". ווערט אַלץ דעריבער באַגאָסן מיט אָנשטעל, אַלץ באַקליידט מיט עקסטראַוואַגאַנץ, אַלץ אָנגעלאָדן מיט פּולווער. דער שמייכל איז ווי די ווייס־גלאַנציקע ציין: קינסטלעך און פאַלש.

און אָט קוקט אויף דיר אַראָפּ אַ צווייטער שוואַרץ־ווייסער פּלאַקאַט: אַ פּאָרטרעט פון אַ מאַן. דאָס איז אַ קורצער פראַגמענט פון אַ ניי־טעאַטער־שטיק וואָס מאַכט אַ גוטע קאַסע. די רעקלאַמע־קונסט האָט אירע שטרענגע געזעצן און זי זוכט שטענדיק דאָס יוצאי מן הכללדיקע. געגליכן צו אַ פּיפּיקן צייטונגס־רעפּאָרטער — שמעקט זי אויס מיט דער לאַנגער נאָז די פאַרבאָרגענע און פאַרהוילענע זייטן, דאָס שרעקלעכסטע און העסלעכסטע.

וווּהין איז פאַרשוווּנדן דאָס מענערישקייט פון די אַמאָליקע באַרימטע שטערן? וווּהין איז אַוועק דאָס קאָנצענטריטקייט פונעם גע־

זיכט? די אַנטשלאָסנקייט אינעם בליק? די ליבע מילדקייט פון אַ פאַרליבטן?

מען מוז זיך אָנגורטן מיט אַ גרויסער דאָזע דרייסטקייט כדי צו קענען רויִק אויפנעמען דעם צעווילדעוועטן בליק פון דעם גרויס־אויגיקן און קליין־שטערנדיקן פאַרשוין. עס זעט אויס ווי ער וואָלט געוואָלט זיין אויס מענטש. וואָס מער אוממענטשלעכקייט, וואָס מער חייהשקייט — אַלץ שענער, דוכט זיך אים, וועט ער אויסזען. וואָס מער שלעכטקייט — אַלץ אַ בעסערן איינדרוק וועט ער מאכן אויף מענטשן. שטייט ער דאָ מיט אַ בולטער כוונה כדי צו באַשטעטיקן אַז „אַ מענטש צו אַ מענטש — איז אַ וואָלף". שטייט ער דאָ כדי דיך אויפצורעגן, כדי דיך צו צווינגען צו טראַכטן וועגן אים, כדי צו געפונען אפשר אַ באַרעכטיקונג אויף אַ שלעכטן געדאַנק אָדער שלעכטער האַנדלונג. —

יאָ, מען טוט זיך אויס נישט נאָר נאַקעט, מען וואַרפט אַוועק נישט נאָר די בגדים („אַלע זענען מיר דאָך נאַקעט אונטער אונדזערע בגדים" — האָט געזאָגט דער גרעסטער פון די פּאָעטן) — נאָר מען טוט זיך אַלץ מער אויס פון אַלסדינג וואָס די לאַנג־יעריקע קולטור האָט געגעבן דעם מענטשן. מען וואַרפט אַוועק אַלע מענטשלעכע געפילן, אַלע אויסגעאיידלטע אינסטינקטן, אַלץ וואָס איז געוואָרן אָנגענומען און פאַרהייליקט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

און די קאָלירפולע וואַנט גלאַנצט מיט אירע פאַרבן ווי פאַלשע ביזשוטעריע. —

# אומצופרידנקייט

ביים ברעג ים טוליען זיך קערפּערס צום זאַמד און די זון צעשפּרייט אַרום זיי פולע סנאָפּעס ליכט. עס איז אַ וואַרעמער יוני־טאָג און מען וויל אַריינכאַפּן די אַביסל־פאַרשפּעטיקטע וואַרעמקייט. דעקט מען אַלץ מער אָפּ יעדע מעגלעכע פאַרבאָרגנקייט און מען לאָזט זיך גלעטן פונעם לייכטן ווינטל וואָס טראָגט מיט זיך דעם ריח און די פייכטקייט פונעם ים.

אַ גרופּע ייִנגע מיידלעך שפּרינגען אַרויף אויפן ברעג מיט ברען און געפּילדער. די גאַנצע וועלט איז סיי ווי זייערע קענען זיי זיך לאָזן ווילגיין. די בלאָנדע רותי וואַרפט די ערשטע אַראָפּ איר קלייד און בלייבט שטיין אין אַ קורץ־געשניטענעם ביקיני. די לאַנגע בלאָנדע האָר צעגילדן די בלייכקייט פון שיין געשניצטע שולטערן. מירי און טאַמאַראַ זענען שוין מער אַוואַנסירט פון איר — זיי האָבן שוין באַוויזן צו כאַפּן אַביסל פאַרב.

רייבט רותי איין דאָס ווייסע לייב מיט ברוינער פליסיקייט און זאָגט:

— איך זע דאָך אויס שרעקלעך ווייס, ווי נישט דערבאָקן... ווייזט מירי אַרויס צוויי שורות ווייסע ציין און זאָגט:

— נישט געזאָרגט רותי — אונדזער זון איז גענוג וואַרעם און וואָס עס וועט פאַרבלייבן נישט דערבאָקן פון דער וואַרעמקייט וועט שוין צוהעלפן די פאַרב...

און ווען דריי קערפּערס גיבן זיך איבער דער זון מיט פאַרמאַכטע אויגן, צעשוואַרצט זיך פּלוצעם אַ פּנים פון אַ טוריסט — אַ נעגער. ער גייט געלאַסן אין אַ העלן ווייסן הוט, אין אַ ליכטיק־רויט העמד, באַלאָדן מיט אַ שווערן פאָטאָ־אַפּאַראַט. דער נעגער צעשפּרייט זיינע בליקן אין אַלע זייטן און דערזעענדיק דעם העלן

קערפער פון רותין בלייבט ער שטיין פאַרגאַפט. זיין טונקעלער בליק קלעפּט אויף איר ווייסקייט. דער גאָלד פון אירע לאַנגע האָר צעשפּילט זיין פאַנטאַזיע און אין די ווייסלען פון זיינע אויגן צייכנט זיך אָנמאַכט און טרויער. ווער ווייסט וואָסערע געפילן עס שפּינען זיך נאָך אין זיין נעגעריש האַרץ? ווער ווייסט וועלכן פרייז ער וואָלט מסכים געווען צו באַצאָלן כדי ער זאָל קענען זיך „אָפּברענען" אויף ווייס?...

מיט צען העמערס אומצופרידנקייט האָט גאָט באַשאַפן די וועלט. ניין העמערס — האָבן די מענטשן צוגענומען פאַר זיך... אַ שאָד.

## אין דעמער פון פּאַרנאַכט אויף סטעלאַ מאַריס

האַרטער, ברוינער שטיין מיט בולטע פעלדזן און טיפע קאַרבן, געשליפן פונעם ווינט און געוואַשן פונעם רעגן, פירט דיך אַרויף אויפן כרמל־פּראַכט. ווער קען ציילן די יאָרן פונעם דאָזיקן ריז? ווער קאָן וויסן וואָס עס טליעט אין זיין אינגעווייד? דער גאַנצער באַרג־אַרויף איז פּאַרזייט מיט פרישע סימנים פון ציינער. דאָס האָבן דאָ די שנייד־מאַשינען לאַנגע וואָכן געגריזשעט דעם שטיין כדי ברייטער צו מאַכן דעם וועג — זאָלן מענטשן זיך קענען בעסער באַוועגן. פליען איצטער שוין מאַשינען מיט אימפּעט און קוראַזש, שלינגען איין דעם אַספאַלט וואָס שלענגלט זיך מאַיעסטעטיש מיט טונקעלן אָפּשיין ביז דעם רוקן פונעם באַרג.

און אויבן, אויפן באַרג, גרינט מיט שפע. גלייך אַ זאָרגזאַמע פּאַטערלעכע האַנט וואָלט עס געפּלעגט און געזאָרגט אַז גאָרנישט זאָל דאָ בלייבן אין רויער נאַקעטקייט. שטייען זיי דאָרט די פּאַר־טראַכטע שטאָלצע נאָדל־ביימער און בליקן מיט גאוה אויפן אַרום און קליינע פייגעלעך צוויטשערן פּאַרשייט און לעבעדיק צווישן די צווייגן. אַ לייכט קיל ווינטעלע רייסט זיך פלוצעם אָפּ פון ערגעץ, בייגט איין די דינע ביימלעך־שטאַמען, גלעט שטיפעריש אויס די געדיכטע גראָזן און שעפּטשעט עפּעס אין דער שטיל. —

אַ שמאָלער וועג פאַר פיס־גייער שאָטנט זיך ביים אַראָפּ־האַנג און דעקט אָפּ אַ באַווינטן שטח. ווו נאָר דאָס אויג קען אויפנעמען הויבן זיך שטאָקיקע הייזער. זיי שטייען דאָ אין גלייכע שורות ווי זעלנער, אויפגעפרישטע, אויסגעצוואָגענע, יום־טובדיק און צווישן די הייזער שפּילן זיך ווייס און ווייַן־רויט פון די בליענדיקע אָלעאַנדערס און אַלטע, הונדערטיעריקע איילבירטן־ביי־מער צעשפּרייטן זייערע געדיכטע צווייגן.

פון ווייטנס בלויט דער ים מיט זיין גאַנצער רחבות. לייכטע זילבער־פּאַליעס פּאַלדן זיך אין זוניקן גלאַנץ אויף זיין שטאָלע־נעם רוקן. אַ מאַטאָר־שיפל רייסט זיך פּלוצעם אָפּ מיט ווילדן געלויף, שניידט זיך שטורמיש איין אין וואַסער און ווערט אין וואָלקנס ווייסן שוים פאַרשווונדן אויפן האָריזאָנט.

עטלעכע זעגל־שיפלעך דרייען זיך אין אַ רונדן געיעג, פלאַטערן אַרום ווי גרויסע מעוועס און לאָזן זיך שווימען צולהכעיס קעגן ווינט.

ווי שטאָלענע מאָנסטערס סטאַרטשען די קראַנען און הייבערס אינעם פּאָרט און צייכענען אויס געהיימע היראָגליפן־שריפט אויפן הימל. לאַנגע שיפן־סילועטן זאָגן אָן גרויסן פון ווייטע מקומות. אַ טונקעלע שיף לאָדט איצט אויס איר אינגעווייד, סאָפּעט אָפּ און וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער אויסגעבענקטער רו איידער מען וועט זי אויספּוצן און צוגרייטן צו ווייטערדיקער לאַדונג. —

דער זון־קײלער רוקט זיך שוין געלאַסן אויף מעריב און וויקלט איין דעם האָריזאָנט אין פאַנטאַסטישע געוועבן. דער שמאָלער וועג פאַר די פיס־גייער וואָס פלעקט זיך שוין מיט שאָטנס, ווערט באַלעבט פון מענטשן. מען קומט אַהער זעטיקן די ברוסט מיט שאַרפער פאַרנאַכטיקער באַרג און ים־לופט און אין שטילן באַ־וווּנדער זעטיקט זיך אָפּ דאָס אויג מיט זאַפטיקן בלוי און רויט פונעם נאַטירלעכן און עכטן מאָלערישן פּייזאַזש פון גאָט אַליין געצייכנט. — — —

# חולי

— ווער ווייסט? ווען ער וואָלט געקענט שרייבן וואָלט ער מסתמא אַליין אָנגעשריבן זיין לעבנס־געשיכטע... פיל איך דעריי־בער אַ געוויסע באַדערפעניש איבערצוגעבן ווייניקסטנס עטלעכע פּרטים. ווייל זיין לעבן איז געווען באַצירט מיט יענע וווּנדערבאַרע שמעקעדיקע רויזן, וועמענס דופט פאַרשפּרייט זיך אין דעם אַרום און פולט אָן די חושים מיט באַוווּנדערונג. — — —

אַזוי האָט מיין יוגנט־פריינד דוד אָנגעהויבן זיין דערציילונג און אין ווינקל פון זיין רעכטן אויג האָט זיך באַוויזן אַ טרער. די טרער האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעבליצט און זיך אַראָפּגעקייקלט בעת ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. איך בין געווען זיכער אַז דער אָנדענק פון זיינעם אַ קרוב האָט אַזוי שטאַרק געדרוקט אויף זיין געמיט. נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער, מיט עטוואָס לייכטער מעלאַנכאָליע, גענומען ווייטער דערציילן:

— קיינער האָט נישט געוווּסט גענוי פון וואַנען ער איז צו אונדז געקומען. אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָב איך אים דערזען אויפן הויף. עס איז געווען אין יענע, אַזוי גערופענע, גליקלעכע טעג, ווען די האַרמאַטן האָבן שוין מער נישט געדונערט, די לופט איז געווען לויטער און די האָפענונגען אין מענטשלעכע הערצער אויף רויִקע און בעסערע טעג, האָבן אויסגעשפּינט אַ ליכטיקע צוקונפט.

ער איז געלעגן אונטערן בוים וואָס האָט רחבותדיק צעשפּרייט זיינע צווייגן. דורך די געדיכטע בלעטער האָבן זיך לייכט געש־פּיזט די גאָלדענע שטראַלן פון דער אָקאָרשט אויפגייענדיקער זון. מיר האָבן זיך צענויפגעטראָפן מיט די בליקן. זיינע אויגן האָבן געהאַט דעם קאָליר פון ברוינעם שאָקאָלאַד... עס האָט

געשטראָמט פון זיי אַ שטילע ווייכקייט, אַ טיפער פאַרלאַנג און גרייטקייט צו געבן פון זיך אַלץ... אויגן ריידן דאָך און גאַנץ אָפט מער פונעם מויל און גאָר אָפט אמתדיקער פונעם מויל. אָן ווערטער האָבן מיר זיך פאַרשטאַנען... — — —

די בכוונדיקע לענגערע פּאַוזע האָט מיין יוגנט־פריינד אויס־גענוצט כדי צו פאַרויכערן. נישט ווִיסנדיק נאָך ביז איצט אין וועמען עס גייט, האָב איך אים דאָך נישט געשטערט. אַרויסלאָזנ־דיק אַ גאַנצע סעריע קייקעלעך־רויך האָט מיין יוגנט־פריינד גע־נומען ציען מיט אַ וואַקסנדיקן טעמפּעראַמענט:

— ער איז געלעגן מיטן קאָפּ אויף די אויסגעצויגענע פעדער־שטע קורצע פיס און די אַראָפּגעלאָזטע אויערן האָבן לײַכט גע־ציטערט, פאַרזיכטיק אויפצוכאַפּן יעדן צופעליקן גערויש. אַז איך האָב זיך גענומען דערנעענטערן צו אים, האָט ער אָנגעהויבן פריי־דיק צו דרייען מיטן עק און אַרויסגעלאָזט שטילע און קוויט־שעדיקע קלאַנגען. אויף מיין גלעט איבערן קאָפּ, האָט ער גלייך געענטפערט מיט אַ לעקן פון מיינע פינגער...

אַ לייכטער זעלבסטצופרידענער שמייכל האָט זיך צעלעגט אויף מיין יוגנט־פריינדס פּנים.

— איצט איז מיר שוין קלאָר. זייער געלונגען טייערער פריינד. מייסטערהאַפט! — האָב איך געזאָגט.

ער האָט געוואַרט אויף מיין באַשטעטיקונג:

— עס איז געווען אַ ליכטיקער פרימאָרגן פון יענע וואַרעמע זומער־טעג וואָס טרייבן דיך אַרויס פונעם בעט פאַרטאָג כדי דו זאָלסט קענען געניסן פון דער לעבעדיקער נאַטור. דער קיבוץ איז נאָך געשלאָפן נאָר די דיזשורירנדיקע חברטע דינה האָט זיך שוין געפּאָרעט אין קיך, און צוגעגרייט דעם פרישטיק.

— אַ שיין „חבר׳ל״ האָסטו דערוואָרבן!

האָט דינה אויסגערופן דערזעענדיק מיך אַריינקומען. דער הונט איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אַרומשמעקנדיק די לופט און

גלייך געגומען אַרומלויפן אין אַלע ווינקלען. און אַז דינה האָט אים דערלאַנגט אַ גוטע פּאָרציע מילך אין אַ טיף בלעכן שיסעלע — האָט ער זיך גענומען עס אויסלעקן מיט גרויס גיריקייט און גע־פּילדער ביז לייכטע, ווייסע פלעקן האָבן זיך צעשפּריצט אויף דער פּאַדלאָגע אַרום און אַרום. אין דער ווייסקייט פון די ווענט פון דער קיך האָט די פעל זיינע אָפּגעשיינט מיט העלן ליכטיקן זאַמד. די ברוינע, גרויסע שאָקאָלאַד־אויגן האָבן זיך מיט וואַרעמער דאַנקבאַרקייט געדרייט אין אַלע זייטן — דאָ אויף דינהן, דאָ אויף מיר. דער קאָליר פון זאַמד — איז דער פּאַסיקסטער נאָמען פאַר אים — האָב איך אַ טראַכט געטאָן און אויסגערופן: חולי! זעט אויס אַז דער קלאַנג איז גלייך דערגאַנגען צו זיין באַ־וווסטזיין. ער האָט אָנגעשפּיצט אַן אויער און אַז איך האָב זיך אָנגעבויגן צו אים און עטלעכע מאָל איבערגעחזרט גלייך אין זיין אויער אַריין:

— חולי, חולי!

האָט ער צעטרייסלט די אויערן און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ לייכטן בליץ אין זיינע ברוינע שאָקאָלאַד־אויגן, אַ צייכן אַז ער האָט גוט פאַרשטאַנען מיין כוונה.

*

— חולי איז געוואַקסן שנעל און געוואָרן דער ליבלינג פונעם גאַנצן קיבוץ. בליץ שנעל האָט ער דערקענט אַלע חברטעס און חברים. אָבער דאָך איז ער ניט צו אַלעמען געלאָפן אויף יעדן רוף. ער האָט פאַרמאָגט אַ מערקווירדיקן חוש צו פאַרשיידענע מענטשן, געקענט זיי אָפּשאַצן לויט געהיימע, נאָר אים באַוווּסטע צייכנס. מירהלען, דאָס טעכטערל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין קיבוץ, האָט חולי געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. גאַנצע טעג פלעגט ער ליגן נעבן וועגעלע און ווײַ צו יענעם פרעמדן וואָס האָט זיך געפּרוווט דערנענטערן צום קינד. מירהלעס קליינע פינגערלעך פלעגן אָפט וואַנדערן איבער זיין פּנים, זי האָט אים געגלעט און נאָכדעם פלעגט זי מיט באַזונדערן אייפער פאַרקריכן

אין זיינע ברוינע־שאָקאָלאַד־אויגן. חולי פלעגט פּישטשען מיט געבעט אָבער מיט געוואַלדיקער ליבשאַפט און אונטערטעניקייט נישט איבערגעריסן דעם קינדס פּאַרגעניגן. — — —

— מיר האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין און דערווייל האָט דער קיבוץ געדינט ווי אַן איבערגאַנגס־פּונקט פאַר דער „בריחה". אין נאַכטיקער פינצטערניש און ביי פאַרהאַנגענע פענצטער־שויבן האָבן זיך דאָ געזאַמלט סילועטן מיט קליינע רענצלעך אין די הענט, כדי אין די נאָך טונקעלע פרימאָרגן שעהן אַוועקצוציען צו דער גרינער, גרענעץ. חולי, וואָס האָט געוויינלעך קיין פרעמדן נישט אַרויפגעלאָזט אויפן הויף אָן אַ פּראָטעסט — האָט אָבער גלייך אויסגעפילט די נייע לאַגע. אין די דאָזיקע פאַרכטיקע מאָמענטן האָט ער זיך געשלייכט ביי דער וואַנט אין שטילער גע־היימניש. אַ טונקעלער שלייער האָט זיך געוועבט איבער זיינע ברוינע־שאָקאָלאַד־אויגן וואָס האָבן געטראָגן אין זיך אַ טיפן סוד פון ביז־גאָר וויכטיקע מעשים. אין אַזוינע מינוטן פלעגט ער זוכן מיין נאָענטקייט. ער פלעגט זיך אַוועקלייגן נעבן מיינע פיס וואַרפנ־דיק לעבעדיקע בליקן אין אַלע זייטן.

— מיט דער צייט האָט חולי זיך זייער שטאַרק צוגעבונדן צו מיר. אין זיין נייער היים וואָס האָט אים געגעבן אַלע מעגלעכע באַקוועמלעכקייטן, האָט ער זיך מעגלעך געפילט ווי אַמבעסטן. אָבער אַ מענטש קען דאָך גאָר אָפּט זיין אין דער היים און זיך פילן היימלאָז ווי אַ הונט... נאָר דאָס איז שוין אָפּהענגיק פון גורל און כאַראַקטער. קען זיין אַז חולי האָט אויסגעפילט מיין טרויער. כ'האָב געפילט אַז ער וויל דעם טרויער פאַרטרייבן מיט זיין אַנוועזנקייט. ער האָט מיך ליב געהאַט כאָטש איך האָב אים אָפּט געפייניקט מיט מיין דרעסירונג. ער האָט שוין געוווסט צו געבן די רעכטע לאַפּקע אויף „שלום" און געקענט פריי שטיין אויף די צווייַ הינטערשטע פיס האַלטנדיק בויגעוודיק די פעדערשטע לאַפּ־קעלעך פאַר זיך. זיין אינטואיציע האָט זיך אויך שטאַרק אַנט־וויקלט. אַ שטיל בילן האָט אָפּט אָנגעזאָגט אַ געשעעניש אויף אַ

גאָר ווייטער גאַס. אָבער דאָך האָט קיינער פון אונדז — און אויך איך אַליין — נישט געקענט געווי פאַרשטיין זיינע וואָרענישן ביז זיין אויסגעשאַרפטער אינסטינקט האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן פון איינעם פון אונדז. עס איז געווען נאָך די קעלצער געשעענישן און מיר האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט געווער. ווי־נישט־ווי האָבן נאָך געבושעוועט יידישע שונאים. אין אַ געוויסן כמורע־דיקן בין־השמשות בין איך געזעסן אין מיין צימער אַ פאַרטיפטער אין אַ בוך און חולי האָט זיך רוייק צעלייגט נעבן מיינע פיס. פּלוצעם האָט ער זיך אויפגעריסן מיט אַ האַסטיקער בילעריי און צוגעלאָפן צו דער טיר אָנכאַפּנדיק די קליאַמקע. ער פלעגט דאָך שטענדיק אַליין אויפעפענען אַלע טירן און איך האָב דעריבער נישט געלעגט אויף אים קיין אַכט. דערזעענדיק אָבער מיין פאַסיווי־קייט איז ער צוגעלאָפן צוריק צו מיר און מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט. זיין בליק איז געווען האַסטיק און קורץ. איך בין אויפגעשטאַנען און אַרויס מיט אים אין קאָרידאָר. חולי האָט גענומען לויפן מיט די טרעפּ אַראָפּ אין עס־צימער. איך בין אַוועק נאָך אים. דאָרט האָבן אייניקע חברים פאַרבראַכט ביי אַ גלעזל טיי מיט ביסקוויטן אין שטילער געמיטלעכקייט. אין דעם האָבן עטלעכע זאַלפּן פון אַ מאַשין־געווער צעטרייסלט די לופט. דער פאַרטוויבנדיקער עכאָ וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם קאָרידאָר האָט אונדז גלייך איבערצייגט אַז אונדזער הויז איז געווען דער ציל פון עם באַנדיטישן אָנפאַל. מיר האָבן געהאַט דאָס געווער אין פולער גרייטקייט אָבער עס איז געוואָרן שטיל און מער האָט גאָרנישט פּאַסירט. בלויז די שויב פונעם פענצטער אין מיין צימער איז געווען צעפּלאַצט און עטלעכע קוילן האָבן זיך דורכגעשניטן דורך דער וואַנט איבער דער סאָפע ווו איך האָב פריער גע־לייענט. — — —

דוד האָט אָנגעצונדן אַ פרישן פּאַפּיראָס. ער האָט אויסגע־זען אַביסל אויפגערייצט פון די אויפגעוואַכטע דערינערונגען. זיין בליק האָט זיך צעגלאַנצט מיט יוגנטלעכן ברען:

— אָך, מיר מענטשן ווייסן נישט פון וועמען זיך צו לערנען. „גיי לערן זיך אַרבעטזאַמקייט פון דער מוראַשקע" — האָט געלערנט דער קלוגסטער פון די מענטשן און מען וואָלט געקענט צוגעבן: „און איבערגעגעבנקייט פון אַ הונט". חולי האָט פאַרמאָגט אַ זעלטן געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו זיינע ברויטגעבער און בסדר געוואָרנט פאַר איבעראַשונגען. די „בריחה" האָט שוין געמאַכט אירע לעצטע פרוּוון, די פוילישע זיכערהייטס־פּאָליציי האָט אָנגעהויבן פאַרוואַרפן אירע נעצן אויף די יידישע רעשטלעך. אַ קליינע גרופּע מיט רענצלעך האָבן שוין עטלעכע נעכט נישט אויסגעטאָן די מלבושים און געוואַרט אויפן פריידיקן צייכן. אין אַ געוויסער נאַכט איז חוליס אומרוייקייט געוואַקסן. ער האָט זיך געריבן אין מיינע פיס און מיט די ציין געריסן מיינע הויזן. אין טיפער נאַכטפינצטערניש זענען די לייט אַוועק צו דער גרעניץ נאָר צומאָרגנס האָט די זיכערהייטס־פּאָליציי „פאַרבעטן" אַלע חברים פונעם קיבוץ און עטלעכע טעג האָט מען געלעבט אין פּחד. — — —



— חולי האָט געהאַט אַ היים, מען קאָן זאָגן „אַ מענטשלעכע היים". זיין הינטיש לעבן איז געווען אויסגעפּולט מיט אַ סך „מענטשלעכקייט". אָבער אויך הינט האָבן מיסתמא זייער מזל. זעט אויס אַז די שטענדיקע מענטשלעכע געזעלשאַפט האָט אים נישט געקענט געבן קיין פולקאָמע באַפרידיקונג. איינמאָל בעתן געיעג נאָך אַ „זי" פון זיינס־גלייכן, האָט אַ שווערע לאַסט־מאַשין אים צוגעדרוקט דעם הינטערשטן לינקן פוס. חולי איז לאַנג געלעגן אויפן שאָסיי אַ צעבלוטיקטער ביז איך האָב אים געבראַכט צום וועטערינאַר. דריי חדשים האָט חולי אין דער שטיל געלעקט זיינע ווּנדן. זיין בליק האָט געאָטעמט מיט שטילער אונטערטעניקייט און דאַנקבאַרקייט מעגלעך אויך דערפאַר וואָס איך האָב אים מער נישט געצוווּנגען צו זיצן בלויז אויף די הינטערשטע פיסלעך און האַלטן בייגעוודיק די פעדערשטע לאַפּקעלעך פאַר זיך.



— דער קיבוץ האָט זיך געהאַלטן ביים אויפלעזן, די חברים האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דו ווייסט דאָך אַז איך בין נישט געווען צווישן די גליקלעכע. גאַנצע צען יאָר האָב איך נאָך געמוזט אָפדינען דער פוילישער רעפובליק. חולי האָט אָפּגעפילט מיינע ליידן און ווען די לעצטע חברים האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז — האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ שרעקלעכער יללה. ער איז געשפרונגען אויף מיר און זיך געטוליעט צו מיר איינגיורענדיק די מאָרדע אין מיינע הענט. — — —

— די קיך איז געווען פאַרמאַכט. איך בין אַוועק ווינען אין אַ געדונגענעם צימער אָבער חולי האָט פאַר קיינפאַל נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם קיבוץ. ווען איך פלעג אים נעמען אין דער נייער וווינונג פלעגט ער בלייבן שטיין ביי דער טיר אינדרויסן. יעדן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, בין איך געקומען אים זען. ער פלעגט אַ פריידיקער זיך וואַרפן אויף מיר און לעקן מיינע פינגער. קיין שום עסן פון מיר האָט ער נישט געוואָלט נעמען. שוין זשע האָט ער אויסגעפילט אַז ער איז מיר געוואָרן אַ לאַסט? — — —

מיין יוגנט־פריינד האָט אַ ווײַלע אָפּגעאָטעמט:

— רעטעניששפול זענען די וועגן און אומקלאָר זענען די הימלישע דרכים. צי וועט אונדז אַמאָל דאָך געלונגען אויפצוויקלען דעם קנויל פון די מערקווירדיקע שיקזאַלן פון די באַשעפענישן?

אין אַ געוויסן טאָג איז חולי פאַרשוווּנדן. איך האָב אַ לאַנגע צייט נישט געפונען קיין טרייסט און כ'האָב נישט געקענט אויספולן דעם בלויז וואָס זיין אַוועקגיין האָט געשאַפן אַרום מיר. — —

מיין יוגנט־פריינד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון די פייכט געוואָרענע אויגן.

# חנינא רופא

דאָס ווייסע, קלאָרע בערדל האָט זיך רוייק פונאַנדערגעלעגט אויף צוויי העלפטן און געשאַפן אין סאַמע מיט פונעם פנים אַ שרינט. חנינא האָט געלאָסן אַריינגערוקט די פינגער פון דער לינקער האַנד אין דער באָרד אַריין און זאָרגפעליק זי צעקעמט אַרויסלאָזנדיק דערביי געפּרעסטע לופט דורך די אַנציינערדיקע יאַסלעס:

— פּ־פּ־כע! פּ־פּ־כע! באַ!

מען האָט געקענט מיינען אַז חנינא רופא שטייט אַזוי ביי אַ קראַנקן וואָס איז פּלוצעם איינגעפאַלן אָדער האָט אַ שטעכונג אין אַ זייט און ער גרייט זיך אים צו שטעלן באַנקעס. אַזוי האָט ער שטענדיק אויסגעזען: געלאַסן, רוייק מיט אַ לייכטן שמייכל אויפן קלאָרן טיף־געקאַרבטן געזיכט. אָבער איצט איז זיין רוייקייט געווען פּשוט נישט פאַרשטענדלער.

איבערן שטעטל האָט זיך געטראָגן אַ געפּילדער ווי אין אַ דאָנערשטיקדיקן יאַריד. פון מאַרק־פּלאַץ האָבן זיך אין געאייל צעראָלט די פויערישע פורלער און הויך געקלאַפּט איבערן שאָסיי. איבער די שוועלן פון איינגעהויקערטע הייזלער האָבן זיך די מענטשן באַוויזן מיט פאַרגליווערטן שרעק אין די אויגן. עפּעס האָט מען גערעדט צו ערשט אויפן אויער. שלום־יעקב דער זייגער־מאַכער, האָט עס דער ערשטער געכאַפּט אויף זיין „טעלעפונקען" נאָר ער האָט מורא געהאַט צו מאַכן דערפון אַ גערודער. איצט האָט זיך שוין דאָס נייעס צעטראָגן ווי אַ בליץ און אַפילו קליינוואַרג האָבן אין שטילן געמורמל איבערגעחזרט: מלחמה!

מינדל, חנינא רופאס ווייב, איז אָקאָרשט געקומען פונעם קצב קוים פאַרטראָגנדיק דעם שווער־אָנגעלאָדענעם קאָשיק.

— נו, וואָס האָסטו עפּעס, מינדל לעבן, גוטס געבראַכט? — האָט חנינא רופא געפרעגט צעקעמענדיק לאַנגזאַם די באָרד מיט צוויי פינגער.

— וואָס כ׳האָב געבראַכט? — האָט מינדל אַ פּאַרסאָפּעטע קוים אַרויסגערעדט — כ׳האָב געבראַכט נייעס... שוין איינמאָל גוטע נייעס... דו האָסט אַוודאי גאָרנישט געהערט. דער דייטש, מאַכשמוי, האָט שוין אָנגעהויבן.

— וואָעס?!

חנינא רופא האָט צוגעלעגט די האַנד צום אויער אָבער באַלד האָט ער געמאַכט אַ מינע ווי אַלץ איז אים שוין קלאָר און פאַר־שטענדלעך גלייך ער האָט עס שוין פון לאַנג אָפּגעוואַרט.

— אַזוי — האָט ער אויסגעצויגן — נו, מילא! נאָר דוכט זיך מיר אַז איך וועל שוין מער אין סטרוי שוין נישט גיין.

מינדל האָט גענומען אויסלאָדן אַלץ פונעם קאָשיק און האָט צוגעזיפצט ווישנדיק די אויגן:

— באַשערט מסתמא פריש זיך צו מאַטערן, מען לאָזט אַפילו נישט רוייק שטאַרבן.

חנינא האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפע, זיין בליק האָט זיך איינגעעקשנט אין דעם עפּל־בוים וואָס אינעם גאָרטן, עס האָבן זיך שוין קליינע פרוכטן געפיקט אויפן בוים. דעם דאָזיקן עפּל־בוים האָט ער דאָך אַליין פאַרפלאַנצט — האָט חנינא אַ קלער געטאָן און איז זיך פאַרגאַנגען אין מחשבות וועגן יענע שיינע טעג.

איצט, ווען חנינא רופא איז געשטאַנען אַ רוייקער אויף דער שוועל פון דער טיר און האָט אין האַלבן שמייכל געגלאָצט אויף די פאַרבייגייער האָט זיך געקענט דאַכטן אַז צו אים איז די ידיעה גאָרנישט דערגאַנגען. דאַמלט האָט שלום־יעקב דער זייגער־מאַכער פאַרשלאָסן זיין וואַרשטאַט און דורך דער הינטער טיר זיך אַרויס־געגנבעט פון דער שטוב. ער איז אין איילעניש אַריינגעפאַלן צו חנינאן.

— איז וואָס זאָגט איר, האַ?

ער האָט קוים געאָטעמט און די ברילן האָבן זיך געהויבט פון זײַן פאַרשוויצטן שטערן:

— איך האָב אַליין געהערט דעם גאַנצן נאָטן־אויסטויש. און היינט פיר אַ זייגער פאַרטאָג, האָט דער דייטש שוין געוואָרפן באָמבעס אויף קיעוו, כאַרקאָוו, לענינגראַד.

— באַ! — —האָט חנינא רופא קאַלט און רוייק געזאָגט. — עס האָט זיך אים פאַרגלוסט דעם יעקע גנב — וועט אים שוין פאָניע באַווייזן וואָס ער קען!

— חנינא, עפּעס זענט איר מיר צו שטאַרק, חנינא! וואָס ס׳וועט זיין — וועט זיין אָבער איצט מוז מען עפּעס טראַכטן וועגן אַנטלויפן. מיר געפונען זיך דאָך קוים צוואַנציק קילאָמעטער פון דער גרענעץ. נאַטשאַלסטווע פּאַקט זיך און פיל זענען שוין אַוועק.

חנינא האָט געלאָזן זיך געקעמט די באָרד. אין דרויסן האָט די זון נאָך הייס געבאַקן. זעלטענער זענען די פאַרבייגייער געוואָרן אויף דער גאַס. ווו נישט ווו האָט זיך עמעץ אין געאייל אַדורכגע־יאָגט מיט אַ פּלעצאַק אויף די פּלייצעס. פון מאַרק־פּלאַץ האָט זיך געטראָגן אַ גערויש פון שלעסער. אַ פאַרשפּעטיקטער פויער האָט בעסדיק געשמיסן די פערד.

חנינא רופא האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט איבערן צימער און געבליבן שטיין נעבן פענצטער.

פון די זייטיקע געסלעך זענען געגאַנגען יינגע לייט צו דעם שטאָקיקן הייזל נעבן דער צערקווע. דאָרט איז געווען דער מילי־טערשער קאָמיסאַר. חנינא האָט זיי נאָכגעקוקט און די געדאַנקען האָבן אים פאַרטראָגן אין אַ צייט ווען ער איז אַוועק אויף דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען אַ סאַניטאַר, זיך אָפּגע־וואַלגערט אויף דער מלחמה גאַנצע פיר יאָר און געקומען צום אויספיר אַז די גאַנצע וועלט טויג אויף כפרות.

אויך דאַמלט האָט מען זיך געשלאָגן מיטן דייטש אָבער חנינא געדענקט ווען ער האָט זיך מיט די דייטשן געברודערט אין די

אָקאָפּעס. זיי זענען געווען גאָר גוטע און העפלעכע מענטשן. געווען אַפילו צווישן זיי סאָציאַליסטן... ער געדענקט אויך אַז די דייטשן זענען פּחדנים, זיי זענען שטאַרק בלויז דאַן ווען עס געלונגט זיי אָבער בײַ דעם מינדסטן דורכפאַל־פאַרלירן זיי דעם קאָפּ.

— חנינא — האָט שלום־יעקב אים איבערגעריסן די געדאַנ־קען — איך רעכן אַז די צייט שטייט נישט, מען דאַרף זיך קלייבן אין וועג אַריין. איך האָב מיין ווייב געהייסן איינפּאַקן דאָס ביי־טיקסטע. מאָרגן פּאַרטאָג וועט דעמיאַן קומען מיט זײַן פערד און וואָגן און מיר וועלן צופאָרן קיין אָסטראָג. מען שמועסט אַז דער דייטש איז שוין גאָר נאָענט פון אונדז.

נאָר חנינא שווייגט און קוקט אַלץ אַרויס אין דרויסן. אַנט־קעגנאיבער האָט איצט געבלאַנקט אַ פּלאַקאַט וואָס האָט גערופן אַלע פליכטיקע צום מיליטער. חנינא האָט געזען די גרויסע רויטע אותיות אויפן פּלאַקאַט. ענלעכע אותיות האָט ער געזען מיט זיבן און צוואַנציק יאָר צוריק. דאַמלט איז ער נאָך געווען אַ ייִנגער בחור און איז אַוועק אָן חשק. איצט האָט ער שוין כמעט דאָס לעבן הינטער זיך. פאַר דער צייט האָט חנינא פונדעסטוועגן עפּעס וואָס אויפגעטאָן. ער האָט אַ סך מענטשן געהיילט, געלינדערט די ליידן, געראַטעוועט אפשר פון פריען טויט. ער ווייסט נישט קיין חלוק צווישן מענטשן. ייד און גוי, אָרעם און רייך, פאַר אים זענען אַלע גלייך. ביי יעדן קראַנקן מענטשן פליסט דאָס זעלבע רויטע בלוט. זיין ציל אין לעבן איז ברענגען הילף. ווי אַזוי זשע קען ער איצט אַנטלויפן? צי איז דאָס נישט קיין פּחדנות? צי איז דאָס נישט קיין שפּיי זיך אַליין אין פּנים? ער איז אַפילו נישט אַזוי אַלט ווי ער זעט אויס. גרוי איז ער דאָך געוואָרן נאָך אַ קאָנטוזיע און ביי זיינע אַכט און פופציק יאָר קען ער נאָך ברענ־גען נוצן.

שלום יעקב דער זייגער־מאַכער האָט זיך אָפּגעטראָגן שנעל נישט פאַרמאַכנדיק די טיר נאָך זיך. ער האָט אין האַרצן באַדויערט

חנינאן און געטראַכט אַז די עלטער פּירט אַראָפּ דעם מענטשן פונעם גלייכן וועג.

מינדלען, וואָס האָט מיט צעשראָקענע אויגן געקוקט אויף אים, האָט חנינא געזאָגט:

— מען רופט מיך דאָ צו אַ שווער־קראַנקן.

ער איז אַרויס אויפן גאַס און ווי ער וואָלט פאַרגעסן אָן זיינע יאָרן, האָט ער גענומען לייכט שפּאַנען איבערן לײדיקן טראָ־טואַר. ער האָט זיך געאיילט צו דעם שטאָקיקן הייזל נעבן דער צערקווע.

די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט אויפן שטעטל מיט טויזנטער גלאַנ־ציקע אויגן און אָנגעיאָגט אַ שרעק. — — —

# אַ באַגעגעניש

איבערן מאַרק פּלאַץ איז דער הימל געהאַנגען ווי אַ שוואַרצער טונקעלער ברעזענט. ערגעץ ווייט אויפן ראַנד האָט זיך אַריינ־געריסן אַ שטראַל און איז גלייך פאַרשוווּנדן. די וואָלקנס האָבן זיך געיאָגט פון די בערג שווערע, באַלאַדענע. און דורך אַן אומזע־באַרער זופּ האָבן זיך צעשאָטן דינע, שטעכעדיקע נאָדלען. אין די הויכע, שטאָקיקע מויערן האָבן זיך צעפינקלט פייערלעך, זיך געלאָשן און זיך ווידער געצונדן. אין מיט פונעם מאַרק פּלאַץ האָט אין נעפּל אויפגעהעלט אַ פאַנאַר און באַלויכטן דעם שוואַרצן שטיינערנעם ברוק וואָס האָט געגלאַנצט אינעם האַסטיקן רעגן.

שמעון האָט זיך ערשט נאָר וואָס באַפרייט פון דער אַרבעט. ער האָט געאיילט צום אויטאָבוס וואָס האָט געפירט אין דער־בייאיקן שטעטל, אַ פיר קילאָמעטער פון דאַנען. באַלד וועט ער זיין אין דער היים ביים ווייב און קינד. שמעון פאָרט אַזוי טאָג טעגלעך צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. פאַר די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָר — זינט ער איז געקומען אַהער אין שטאָט אַריין — האָט ער זיך פאַרזאָרגט מיט צוויי גוטע זאַכן: אַ פרוי און אַ קינד. אַז ער איז גוט געשטימט זאָגט ער אַז ער איז איצט אַ טאַטע פון צוויי קינדער. זיין ווייב, די קליינע ריוועלע מיט די גרויסע קוילן־אויגן, נעמט אים דאַן פעסט אַרום מיט אירע קינדער־שע הענטלעך, פאַרקוקט אים טיף אין די אויגן און זאָגט:

— איך בין שוין, טייערינקער, נישט קיין קינד און אויב יאָ — טאָ גיב אַ קוש אָט־דאָ־אָ — אין די ליפּן אַריין...

*

שמעון אַרבעט איצט אין אַ וועבער־פאַבריק. דאָס פאַך האָט ער זיך אויסגעלערנט ערשט נישט לאַנג נאָכן קומען פון רוסלאַנד.

ער האָט דאָ געקריגן אַ קליינע וווינונג, אַ קליין באַשיידן צימערל מיט אַ קיך און האָט באַשלאָסן זיך צו נעמען צו ווערבריי. אין טאַשקענט איז ער געווען אַ נאַכט־וועכטער. גאַנצע פיר יאָר האָט ער געקוקט אין די טיפע בלויקייטן פון אוזבעקישן הימל און געציילט די העלע גלאַנציקע שטערן.

פון דער היים איז שמעון אַוועק פלוצעם, האַרט פאַרן אָנקו־מען פונעם דייטש. ער האָט נישט באַוויזן זיך אַפילו צו געזעגענען מיט זיין כלה. ער האָט געבעטן בלויז זיין מאַמען איבערצוגעבן חנהלען אַ הייסן גרוס.

— זאָג איר אַז ווען ס׳וועט נאָר ווערן מעגלעך — וועל איך זיך גלייך אומקערן. זאָל חנהלע אויף מיר וואַרטן!...

צי חנהלע האָט געוואַרט — האָט שמעון זיך נישט דערוווּסט. ער האָט זיך געטראָגן איבער שטעט און דערפער, איבער פעלדער און טייכן ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין טאַשקענט. דער הייסער ווינט האָט אים געברענט דאָס שמאָלע פּנים, זיך פאַרוקט אין זיינע טונקעלע האָר, געלעקט זיינע אויגן. ער האָט געאַרבעט און ווען די אוזבעקישע מיידלעך פלעגן צו אים צושטיין, מכלומרשט פאַרטשעפּען — האָט ער זיי ווי אויסגעמיטן. אין זייערע מזרח־אויגן האָט ער געזען דעם ענלעכן גלאַנץ פון יידישע אויגן, וואָס האָט אים אויפגעטרייסלט זיין האַרץ, זיך דערמאָנט און באַשלאָסן אַז חנהלען וועט ער נישט פאַראַטן. ער האָט איר דאָך געהייסן וואַרטן, אפשר וואַרט זי טאַקע.



דער רעגן האָט זיך האַסטיק געריסן צו דער ערד. שמעון האָט אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס עס קריכן אים די אַלע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין. ווי אויף צו להכעיס האָט זיך דער אויטאָבוס פאַרשפּעטיקט און שמעון האָט אומזיסט געזוכט אין דער ווייט די באַקאַנטע פייער־שפּיזן פון די פאָדערשטע לאָמפּן. ער האָט געפילט אַזאַ נערוועזע אומרויִקייט אין די אברים און איז מיד

געבליבן שטיין האַרט נעבן אַ הויז. אין דער טונקלקייט פון דער טיר האָט אַ פרויען־שטים שטיל אים געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, ווייסט איר נישט ווען דער אויטאָבוס וועט היינט קומען?

— פאָרט איר דען אויך קיין ב.?

— יאָ, איך וואַרט שוין אַזוי אַ גאַנצע שעה.

שמעון האָט נישט געענטפערט. ער האָט געטראַכט ווי ער האָט אַמאָל געהערט די דאָזיקע שטים? דער שוואַכער שיין פון דעם גאַסן־פאַנאַר האָט געוואָרפן אַ לייכטן שטראַל אויף אַ רונדיקן הוט אונטער וועלכן עס האָט זיך געשאָטנט דאָס פנים. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אין דער טונקלקייט אָבער ער האָט גאָרנישט געזען.

— איך רעכן — האָט שמעון געזאָגט אַזוי ווי פאַר זיך — אַז די מאַשין וועט אַ ליאַדע מינוט אָנקומען און דאַן וועלן מיר פאָרן צוזאַמען.

די פרוי האָט געמאַכט אַ שריט פאָרויס, זי האָט אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ דורך דער טיר און גלייך זיך צוריקגעצויגן:

— דער רעגן גייט נאָך האַסטיק און פאַרוואָס שטייט איר אין דרויסן, איר ווערט דאָך אינגאַנצן נאַס. דאָ איז פאַראַן אָרט פאַר צוויי.

שמעון האָט פאַרויכערט. ער האָט לאַנג געצויגן דעם פּאַפּיראָס ביים ברענענדיקן שוועבעלע. ער האָט עס מיט אַ כיוון לענגער פאַרהאַלטן; די פרוי האָט אין דער צייט עפּעס געזוכט אינעם טאַש און אַרויסנעמענדיק אַ פּאַפּיראָס האָט זי שנעל געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט, פאַרלעשט נישט!

שמעונס בליק איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט. צום קאָפּ האָט אַ פלייץ געטאָן אַ שטראָם מיט הייס בלוט און דער אָטעם האָט זיך אים פאַרהאַקט. דאָס פלעמל פונעם שוועבעלע האָט אַ ציטער

געטאָן צווישן די פינגער און זיך פאַרלאָשן.

— חנה !...

— שמעון !...

זיי האָבן זיך געקושט און הייסע טרערן האָבן לייכט באַוואַשן זייערע ליפּן...

שפּעטער, אַז דער אויטאָבוס האָט גערירט, איז שמעונען גע־וואָרן עטוואָס לייכטער דער רעש אין קאָפּ. חנה איז נאָך אַ שווייגנדיקע געזעסן ביי זיין זייט. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט ווי די שווערקייט גייט אַראָפּ פון זיין האַרץ, צערינט זיך דורך טויזנטער קאַנאַלן און פון מוח האָט זיך די טונקלקייט צעטראָגן ווי אַ פאַרטאָגיקער נעפּל טרעט אָפּ פאַרן אויפגייענדיקן ליכטיקן טאָג.

פון חנהס קאַרגע אָפּגעריסענע רייד האָט זיך שמעון דער־וווסט אַז זי האָט דורכגעמאַכט געטאָ, לאַגער, טויזנטער מאָל געציילט די לעצטע מינוטן, געזען דעם טויט פאַר די אויגן און דאָך האָט זי דער גורל געלאָזט לעבן. זי האָט אין שמעונען געדענקט און געוואַרט. דער עלנט האָט זי אָבער געשטיקט. נאָך דער באַפרייונג איז איר געוואָרן דאָפּלט שווער. זי האָט נישט געגלויבט מער אים צו טרעפן. זי האָט באַגעגנט אַ פריינד, זיך פאַרבונדן און איז מיט אים צופרידן. איצט פאָרט זי צו גאַסט צו זיין שוועסטער.

שמעון האָט איר אויך קורץ דערציילט פון זיך, פון ווייב און קינד. ער איז זיכער געווען אַז זי איז אומגעקומען. די איינזאַמ־קייט האָט אים געפּלאָגט.

ער האָט געטראָפן דאָ אין שטאָט אַ מיידל און זיך באַמיט אין אירע אויגן צו זען חנהלען. ער האָט לאַנג געוואַרט אויף איר, לאַנג געוואַרט... און איצט איז ער גליקלעך וואָס זי, חנהלע לעבט...

אַז זיי זענען שטיין געבליבן פאַרן טויער ווו זי האָט באַ־דאַרפט אַריינגיין, האָט זיך שמעון געכאַפּט אַז ס׳איז שוין אַוועק אַ שפּאָר ביסל צייט. ער האָט געדרוקט איר האַנד און אין די אויגן האָט זיך געוויסלט אַ טרער. שמעון איז אַוועק שנעל אין געאייל, נישט באַמערקט אַז די וואָלקנס זענען אָפּגעשווומען ווייט הינטער די בערג און די לבנה האָט אים נאָכגעקוקט אַ פאַרטראַכטע.

# שטרייק אין אַ טאַרטאַק

שוין דריי וואָכן אַז דער טאַרטאַק „בוים און זון" האָט אויפגע־הערט צו שיקן אין דער אַרומיקער לופט דעם שניידיקן „סזש־זש" פון די גלאַנצנדיקע באַציינערטע זעגן. די קלעצער אויפן הויף ליגן ווי די מתים, פרירן אין דער פראָסטיקער לופט און די לעבער־דיקע, מיט שטרוי פאַרשטעקטע שטיוול פון מיקיטע דעם וואַרטאַווניק טאָפּטשען איבער זיי מיט אַ דינעם, קלינגנדיקן אָפּהילך.

דער טאַרטאַק „בוים און זון" שטייט פּוסט און פאַרלאָזט ווי אַ חורבה; די אַרבעטער האָבן דערקלערט אַ שטרייק און קיינער האָט זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבעט. אַזוי האַלט עס שוין אָן די דריטע וואָך.

און אַז דער הער פראַנץ בוים האָט דערזען אַז די יינגען מיינען עס דאָ נישט אויף קיין קאַטאַוועס, אַז אַפילו מיקיטע דער וואַר־טאַווניק האָט אויך באַקומען חוצפה און הייסט זיך באַצאָלן פאַר אַ גאַנצן חודש פאַרויס (אַ נישט שטייט ער צו צו דער חברה), האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער איז גרייט מיט יעדן באַזונדער צו שמועסן און אַז ער וועט מסתמא אויסקומען מיט יעדן פון זיי אין בעסטן אָרדנונג. דאַמלט האָט מענדל „קוויטש" גערופן אַ שטילע פאַרזאַמלונג, דערקלערט דעם ביטרען מיין פּונעם באַלעבאָס, אַז ער איז דאָ אויסן צו כאַפּן זיי אויף דער ווענטקע און אַלע האָבן דאַן באַשלאָסן צו קלייבן אַ דעלעגאַציע פון פינעף חברים כדי געמיינזאַם צו פירן די אונטערהאַנדלונגען מיטן באַלעבאָס הער פראַנץ בוים. מענדל „קוויטש" איז אַוועק בראש און גייענדיק האָט ער געטראַכט: אַט וועט ער איצט אויסנוצן די געלעגנהייט און אים זאָגן דעם גאַנצן אמת. שוין יאָרן אַז זיי אַרבעטן דאָ אין טאַרטאַק מיטן בלוטיקן שווייס; שוין יאָרן, אַז דער פיינער הער

פראַנץ בוים זיצט אויף זיי ווי אַ פּיאַווקע, בלישטשעט מיט די צוויי שורות גאָלדענע ציין און גלעט זיך דעם גווידער מיט די פוכקע, ווייבערישע הענט און דיקע סיגנעטן; שוין יאָרן אַז זיי לייגן דאָ אַוועק פּאַר אים די כוחות. איצט וויל ער נאָך די חובות נישט באַצאָלן און אַנשטאָט געלט — פּאַרפוילטע פּראָדוקטן אין קלייטל. מענדל „קוויטש" קען אויף קיין אוגאָדעס נישט גיין. ער מאַכט נישט קיין שלום. ער קען אים ווידער זאָגן איין וואָרט: „באַצאָל וואָס ס'קומט אַ נישט וועלן מיר נישט אַרבעטן!" אַ לייכטער ציטער האָט אים צעשאָקלט דאָס האַרץ, אַ לוסטיקער שטראָם בלוט האָט אים באַוואָשן דאָס פּנים. צו דער חברה האָט ער געזאָגט:

— געדענקט חברים! גאָרנישט נאָכלאָזן! מיר דאַרפן זיך האַלטן שטאַרק און פאָדערן: באַצאָלן — אַ נישט פירן מיר ווייטער דעם שטרייק. ער קען אונדז נישט ברעכן.

פון אַלע זייטן האָט מען צוגעשריגן:

— מענדל דו וועסט רעדן!

און דער הויכער טויער פונעם הויף האָט זיך ווידער צערוקט און די יאַטן זענען מיט געפילדער אַריינגעדרונגען אינעווייניק.

מענדל „קוויטש" איז געגאַנגען פון פאָרנט. ער האָט זיך דערפילט היימיש און מונטער. באַטראַכטנדיק די אַנטשלאָסענע פּנימער פון דער חברה האָט ער צו זיי געזאָגט:

— חברים, לאָמיר זיין רויִק, מיר וועלן אונדזערס מאַכן. ער קען זיך אָן אונדז סיי ווי נישט באַגיין.

אַז די דעלעגאַציע איז אַריין אין קאַנטאָר האָט זי באַגעגנט דעם בוכהאַלטער איציקזאָן אַ באַברילטן און צעטראָגענעם זוכנדיק עפּעס צווישן די פּאַפּירן.

— ווו איז דער באַלעבאָס?! — האָט מענדל „קוויטש" אָפּגעהאַקט אַרומקוקנדיקן זיך אין אַלע זייטן.

דער בוכהאַלטער האָט זיך אַ פּאַרלוירענער אויפגעשטעלט, נערוועז אַ טאַפּ געטאָן די געשווירענע וואָנסיקלעך און שטיל געזאָגט:

— דער באַלעבאָס איז דאָ אין קאַבינעט.

— זאָגט אים, אַז מיר זענען געקומען! — האָט דער לאַנגער שעפּסל הויך אַ זאָג געטאָן.

נאָר אינעם זעלבן מאָמענט האָט זיך די טיר פונעם קאַבינעט געעפנט מיט אַ טראַסק און דאָס קיילעכדיקע גופל פונעם הער פּראַנץ בוים האָט זיך אַריינגעקאָלערט אין צימער. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען באַטראַכטנדיק אַלעמען פון אונטער די גאָלדענע רעמלעך און נאָכדעם האָט ער באַטאָנענדיק יעדן וואָרט געזאָגט:

— קיין דעלעגאַציעס נעם איך נישט אויף! יעדער באַזונדער קען צו מיר אַריינגיין! מיקיטע! מיקי־טע! הייס זיי שנעלער אַרויס־גיין פון דאַנען!

דאַמלט האָט מענדל „קוויטש", וואָס איז געשטאַנען לעבן שרייב־טיש הויך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אויף אַ סטאָס פּאַפּירן און אַלע זענען געבליבן שטיל.

— באַלעבאָס! אין נאָמען פון אַלע אַרבעטער פון אייער טאַרטאַק זענען מיר געקומען אונטערהאַנדלען. מיר האָבן אַ רעכט צו באַשליסן וועגן אַלץ. אויב איר ווילט קענען מיר צוטרעטן צו אונטערהאַנדלונגען.

דער הער פּראַנץ בוים האָט זיך אַ בלייכער אַוועקגעזעצט אינעם פאָטעל. אַזאַ שפּראַך האָט ער נאָך נישט געהערט פון די דאָזיקע יונגען. וואָס מיינען זיי עפּעס? איז ער באַלעבאָס דאָ אָדער ניין? דער דאָזיקער אויסוואורף רעדט גאָר צו אים ווי צו זיינס גלייכן... מיט אים זאָל ער פירן אונטערהאַנדלונגען? מסחרים מאַכט ער דאָ מיט זיי צי וואָס?...

— פּאַניע איציקזאָן — האָט ער זיך פּלוצעם געווענדעט צום דערשראָקענעם בוכהאַלטער — זאָגט זיי, אַז אויב זיי ווילן קענען זיי זיך שטעלן אַרבעטן.

מענדל „קוויטשס" געזיכט איז געוואָרן ערנסט. ער איז צו־געגאַנגען אויף אַ טריט נאָענטער און מיט זיין שווערן קערפּער האָט ער זיך אינגאַנצן אָנגעלייגט אויפן טיש:

— צאָלט אונדז אויס אונדזערע חובות, באַצאָלט פאַרויס פאַר אַ חודש געלט. קיין פּראָדוקטן וועלן מיר ביי אייך נישט נעמען!

דאָס גענוק בלייכע געזיכט פונעם הער פראַנץ בוים האָט זיך גענומען צינדן פאַר כעס; אָט אַ חוצפה! יונגען! זיי גייען אים דיקטירן וואָס צו טאָן! נישקשה, כ'וועל זיך שוין געבן אַן עצה מיט זיי! און ווענדנדיק זיך צו מענדלען האָט זיך זיין קורצער האַלדז אָנגעבלאָזן שטיקנדיק זיך אינעם ענגן ווייסן קראַגן:

— דו, פאַרשטייסטו מיך, רעד נישט אַזוי שיין. איך קען דיך גוט ווער דו ביזט און דיין אָרט איז „דאָרטן"... פאַרשטייסט צי ניין!? קיין לאַנגע פּוצן מאַכסטו נישט ביי מיר. קענסט זיך פאַר־נעמען פון דאַנען! היידאַ! און אָפּזאָגנדיק דאָס אין איין אָטעם האָט ער פאַר כעס אַרומגעביסן אַ ליפּ, אָפּגעווישט דעם גלאַנציקן שטערן און איז אַריינגעלאָפן אין קאַבינעט אַריין צושליסנדיק די טיר הינטער זיך.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך באַוואָקסענע פּנימער געזאַמלט אויפן הויף. די פּראַסטיקע לופט האָט געשניטן דאָס לייב דורך די לעכערדיקע רעקלעך, נאָר די הערצער האָבן מונטער און לוסטיק געפּיבערט אין די ציטערנדיקע ברוסטן. איבערן הויף האָבן זיך צעטראָגן היימישע גוטבאַקאַנטע קולות, דאָס שוואַרץ־באַוואָקסענע געזיכט פון מיקיטע דעם וואַרטאָווניק האָט געשמייכלט מיט אַ מויל פאַרגעלטע ציין ווי סאָסנעווע פּעניאַקעס. ער האָט אַרומגעשמייעט צווישן דער געדיכט ווערנדיקער מאַסע און גע־היימניספול געוווּנקען:

— איר זעט... איר זעט... כ'האָב געזאָגט מיקיטע וועט צושטיין... טאָקע צוגעשטאַנען און וועט נאָך ברענגען נוצן אויך. באַלד וועלן זיי קומען די בעזראַבאָטניקעס. אַ מאַן צוואַנציק.

אויף אַ סטאָס ברעטער האָט מענדל „קוויטש" געפּאַכעט מיט אַ ברייטער פאַרפראַצעוועטער האַנד:

— חברים! מען האָט אונדז געשפּיגן אין פּנים, עס קען אַזוי נישט זיין! אַ מאַסע אַ פאַראייניקטע איז אייזן־שטאַרק. אונדזער

קול מוזן מיר לאָזן הערן: שטרייק — ביז צום זיג!

דורכן טויער האָט גענומען שטראָמען אַ גרויער עולם, אַן אָפּגעריסענער און לאָבעס.

עטלעכע פאַרשטייער זענען אַרויף אויף דעם ברעטער־סטאָס און הויך געמאָלדן:

— אין נאָמען פון אַלע אַרבעטסלאָזע באַגריסן מיר אייך און סאָלידאַריזירן זיך מיט אייער אַקציע! — — —

שפּעטער איז ביי אַ טויטער שטילקייט באַשלאָסן געוואָרן ווידער צו מעלדן וועגן דעם, דעם הער פראַנץ בוים.

די טיר פון קאַנטאָר איז געווען פאַרשלאָסן. אַז מענדל „קוויטש" האָט דראָענדיק גענומען קלאַפּן האָט דאָס דינע ציטערנדיקע קול פונעם בוכהאַלטער צו וויסן געטאָן אַז מען זאָל זיין רויק, ווייל דער באַלעבאָס קומט אַרויס. באַלד איז אויפן גאַניק געבליבן שטיין דער באַבייכלטער הער פראַנץ בוים און דריקנדיק אין קעשענע אויפן צינגל פון אַ שוואַרצן ברויונינג האָט ער געזאָגט:

— איך הייס אייך גיין אַהיים און מאָרגן זאָל יעדער באַזונדער קומען צו פאַרשרייבן זיך צו דער אַרבעט.

פון אַלע זייטן האָבן גענומען האַקן קורצע אָפּגעהאַקטע ווער־טער:

— פּאַראַזיט! בלוט זויגער! מיר פרירן אויפן פראָסט! מיר זענען הונגעריק! — — —

דער הער פראַנץ בוים האָט גענומען ציטערן. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן דעם שטערן. ער האָט גענומען אומרוייק קוקן אַרום זיך:

— מיקיטע! ווו איז מיקיטע!?

דאָס שוואַרץ באַוואַקסענע פּנים האָט זיך האַרט אַוועקגעשטעלט פאַר אים און אָנשטעלנדיק די האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן האָט ער געזאָגט:

— באַדזיאַיען! זיי האָבן רעכט די יאַטן, זיי האָבן רעכט!

דאַמלט האָט הער פראַנץ בוים דערזען אַז ער האָט שוין

נישט קיינעם דאָ, אַז ער איז דאָ אַליין צווישן „אומזיסטיקע שונ־אים", ווייל וואָסער שלעכטס טוט ער עס דאָ זיינע אַרבעטער ? ער פאַרלאַנגט דאָך נאָר זיי זאָלן זיין געהאָרכזאַם און פאָלגן. דערויף איז דאָך היינט אַ קריזיס. נישט אַמאָליקע געשעפטן, ניין... און זיי די סוואָלאָטשעס ווילן אַפילו נישט מיטפילן... פאָרט אַ „פּראָס־טער נאַראָד" !

ער האָט אינסטינקטיוו געציטערט פאַרן דאָזיקן אויסוווּרף שוין פון לאַנג, ער האָט געוווּסט, אַז ווען עס איז, וועט ער צו זיי צושטיין. ס'ציט דעם וואָלף אין וואַלד אַריין... ער האָט נאָך שטאַר־קער אַ דרוק געטאָן אויפן צינגל, זיך אויסגעדרייט און שנעל אַריין אין קאַנטאָר. פאַרשליסנדיק הינטער זיך די טיר האָט ער גענומען דרייען די קאָרבע פונעם טעלעפאָן :

— האַלאָ ! האַלאָ ! פּאָליציי קאָמיסאַריאַט !... מיין טאַרטאַק איז אין געפאַר !... שנעלער, שנעלער ! — — —

און נאָכדעם האָט ער דורך דעם פענצטער אויסגעביילט אַ וויבערישע פויסט און דראָענדיק מיט איר אין דער גרויער מאַסע מיט אַ דין, איינגעהאַלטן שמייכעלע — האָט ער געסיקעט צווישן די גאָלדענע שורות ציין גיפטיק און בייז :

— איך וועל אייך שוין ווייזן ווער ס'איז דאָ באַלעבאָס. כ'וועל אייך שוין ווייזן !...

נאָר די מאַסע האָט זיך נישט דערשראָקן. זי האָט זיך צעשטעלט אין גרופּעס ביי די מאַשינען און רוייק אָפּגעוואַרט.

געדרוקט אין „פריינד" דעם 19 יאַנואַר 1935

# פישל דער שניידער

דאָס מויל ביי פישל „קאָפּ״ האָט זיך אָוועקגעלייגט אַביסל אויף אַ זייט און די אונטערשטע ליפּ וואָס איז געווען צעשפּאָלטן אויף צווייען האָט נערוועאיש געציטערט און אָפּגעדעקט עטלעכע פאַרפוילטע ציין מיט אַ שטיקליידיקע יאַסלע. פישל „קאָפּ״ האָט מען אים גערופן פון קינדווייז אָן און אַזוי האָט ער אַדורכגעמאַכט די מלחמה, דעם פראָנט, די קלעפּיקע בלאָטע אונטער אַ פייער, דיליידן און טויט־שרעק, ביז ער איז געקומען אַ היים צוריק אין שטעטל צום קראַנקן, אויסגעביינקטן ווייב, מיט אַן אויסגעדרייטן פינגער און אַ נערוועאיש־צוקנדיק מויל וואָס האָט געשמעקט מיט זויערן פון אַ פאַרדאַרבענעם מאָגן. פישל „קאָפּ״ איז געווען אַ שניידער־יונג און געאַרבעט פאַר די דאָרפישע פויערן. זיי זענען געווען צופרידן פון זיין אַרבעט און האָבן אים שטענדיק געלויבט:

— פישקאָ איז אַ ווילער יאַט!

— פישקאָ אַז ער נייט אויף אַ מלבוש — האַלט זיך עס ביז עס צערייסט זיך!...

און אויף דער מלחמה האָט זיך פישל געלערנט צו האַלטן אַ ביקס אַנשטאָט אַ נאָדל און ווען מהאָט אים באַפוילן האָט ער אויך געשטעפּט אויפן קוילן־וואַרפער, ווי אויף אַ מאַשין. ער האָט אַפילו געטראַכט אַז בעסער וואָלט פאַר אים געווען צו אַרבעטן נאָר די צייט איז דאָך געווען אַזאַ און קיינער האָט נישט גע־טאָרט פרעגן פאַרוואָס.

אין דער היים האָט אים שרה׳קע אָפּגעוואַרט אויף דער שוועל מיט אַ יאַטל אויף די הענט. ער האָט עס באַטראַכט גלייכגילטיק ווי אַ פרעמדער, פונעם פראָנט האָט ער געבראַכט דאָס קאַלטב־

לוטיקייט צו זיך אַהיים און שרה׳קען האָט עס שטאַרק פאַרוווּנ־דערט:

— זע נאָר פישל, דו נעמסט עס אַפילו נישט אויף דיין שויס און ער, דער קליינער, האָט אַזוי שטאַרק געוואַרט אויפן טאַטן!

נאָר פישלס אונטערשטע ליפּ האָט מאָדנע אַ ציטער געטאָן און דאָס מויל איז ווי אַ ווונד געבליבן ליגן אויף אַ זייט. זיין גרויסער קאָפּ האָט זיך אומרויִק געדרייט אויף די אַקסלען:

— פאַרשטייסטו מיך, שרה׳קע לעבן — האָט ער געזאָגט, ס׳זע־נען היינט אַזוינע ציַיטן, אַנדערע צייטן! קיין שום זאַך איבעראַשט אונדז נישט. מיר זענען מענטשן פון פראָנט!

און פישל „קאָפּ" האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. אויפן סלופּ וואָס האָט אונטערגעשפּאַרט דאָס צעהויקערטע הייזל, האָט זיך באַוויזן אַ קליין בלעכן שילדל געפאַרבט אויף רויט־ווייס: „שניידער, פישל ריוועץ".



פישל האָט געאַרבעט שנעל ווי ער וואָלט געוואָלט אָניאָגן די פאַרלוירענע צייט. אין קליינע אָסיענדיקע פאַרנאַכטן ווען די דאָר־פישע פויערן האָבן אין געאייל געריסן די ציטערדיקע טיר פון זיין הייזל און אין זייערע קעשענעס האָבן געקלונגען די אָפּגע־לייזטע מטבעות פאַר זייער סחורה אויפן יאַריד, פלעגט פישל „קאָפּ" אַרומשפּרונגען מיט זיין פאַרשמאָלצעוועטן סענטימעטער איבער די ברייטע צעוואָקסענע פּלייצעס, אויף שנעל אָנצייכע־נען מיט קרייד צעדרייטע ציפערן וואָס נאָר ער אַליין האָט גע־קאָנט פאַרשטיין און אַריינכאַפּן אויף דערווייל אַ „פּעטן" זאַ־דאַטעק.

— מענטשן! — פלעגט ער זאָגן צו די פויערן מיט אַ שטילן גלאַנץ אין די אויגן — ביי מיר איז עס קראַנטנער ווי אין שענק. האָסט אָפּגעלייזט — איז גיב אַהער די פּאָר זלאָטעס. נישט אמת?!

— אמת, אמת! — האָבן די בערדיקע פנימער אָפּגעענטפערט

ווי אין אַ כאַר — נאָר דו פישקאָ, זע נאָר פּאָסטאַרע זיך ס׳זאָל אַרויסקומען לייטיש!

— האָסטו דען אַמאָל מיט עפּעס אויף מיר זיך צו באַקלאָגן, מיכאַילאָ? דאַכט זיך אַז ניין. און דאָס היטל ביי פישלען פלעגט זיך מיטשאָקלען מיט זיין גרויסן קאָפּ וואָס האָט געהאַט פאַר־שטעקט אונטערן גלאַנציקן שטערן צוויי קליינע, רויטע פון אַרבעט אויסגעמוטשעטע אויגן.

שרה׳קע פלעגט אים אַביסל העלפן. זי האָט גענייט די קנעפּלעך און אַמאָל אויך געשטעפּט אויף דער מאַשין. דער קליינער מאיר׳קע וואָס איז שוין אַלט געווען דאָס פינפטע יאָר, האָט איר געשלעפּט פאַר דער פּאָלע און זיך געוואַלגערט אויף דער ליימע־נער פּאָדלאָגע צווישן די שטיקלעך סחורה־אָפּפאַל און וואַט. די איבריקע צוויי צוגעקומענע יאַטלעך האָבן זיך געריסן מיט אַ געוויין פון די בעטן און די אַלטע באַבע שבע, שרה׳קעס מוטער, האָט זיי געפּרוּווט פאַרוויגן מיט אַ מאָנאָטאָן טרויעריק לידעלע וואָס זי האָט אַליין פאַרפאַסט.

און אין דעם דאַזיקן שטענדיקן גערויש און אומרוייקייט האָט פישל „קאָפּ״ זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ טרוים וואָס האָט געוואַ־רעמט אין די גלידער ווי שטאַרקער וויין. ער האָט געטראַכט צו פאַרדינען געלט און זיך נעמען בויען אַ הייזל. שוין גענוק געוווינט אין קאָמאָרנע, שוין גענוק אויסגעצאָלט פאַר דער דאָזיקער חורבה מיט דעם איינגעפאַלענעם דאַך און ליימענער פּאָדלאָגע ווו ס׳פאַלט אייביק פון די ווענט. און ביי דעם טריבן שיין פונעם נאַפט־לאָמפּ האָט ער אויסגעשטעפּט אויף דער מאַשין אַ שטילן טרויעריקן ניגון.



אַ הייסער טאָג האָט זיך געפּאַרעט אינעם שטעטל. פון דער באָד־גאַס האָט זיך געטראָגן אַ פאַרדומפּענער גערוך. פישל איז געזעסן אַ מידער אויף דער שוועל און אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ וואָס האָט זיך אומרוייק געדרייט אויף זיינע אַקסלען.

ס׳איז געווען ערב חגא און די אַרבעט האָט געברענט. אַ ליאַדע מינוט האָבן דאַרפישע פויערן געדאַרפט קומען אָפּצונעמען די באַשטעלטע אַרבעט.

פאַרוואָס זשע שלייפט ער איצט נישט אויס די לעבלעך? פאַר־וואָס זשע צוקט אַזוי נערוועאיש פישלס אונטערשטע ליפּ?

פון שטייער־אַמט האָט פישל באַקומען אַ קורצע אויפאָדע־רונג איינצוצאָלן פינעף טויזנט זלאָטעס שטייערן אויב נישט וועט מען אים צונעמען די נייי־מאַשין און די שטוב־זאַכן. זיצט ער איצטער פישל „קאָפּ״ און טראַכט אַן עצה. ווו נעמט מען אַזוי פיל געלט? די פאַרדינסטן קלעקן דאָך אים קוים אויף אָנ־צוקאָרמעווען די פיצלעך קינדער מיט ברויט און קאַרטאָפל. זאָל ער אפשר צוגיין צו מאָשקע שוואַלב, דעם מאַנופאַקטור קרעמער, ביי וועמען ער קויפט איין די רעשטלעך־סחורה און ביי אים בעטן אַ גמילת חסד?

פישל „קאָפּ״ קען זיך אָבער נישט אַנטשליסן, טאָמער זאָגט ער אים אָפּ און ער זיצט אַזוי אַ פאַרלוירענער אויף דער שוועל.

אַ הירזשע פון אַ פערד האָט פלוצעם צעריסן די שטילקייט פון דער גאַס. פונעם וואָגן איז שנעל אַראָפּגעשפרונגען אַ פאַר־שוין מיט אַ גרויסן טונקל־גרינעם קאַשקעט אויפן קאָפּ און נאָך אים צוויי יונגען מיט טעמפּע געזיכטער און שאַרפן גלאַנץ אין די אויגן. דער פאַרשוין מיטן טונקל־גרינעם קאַשקעט איז האַסטיק שטיין געבליבן נעבן דער שוועל:

— פישקאָ, דו זיצסט נאָך, האַ? און מיר זענען געקומען טאַקע צו דיר! נו, שטיי נאָר אויף און קום נאָר אַריין אין דיין וואַר־שטאַט!

און אויפפראַלנדיק די טיר איז ער אַריין מיט געפילדער אין פישלס חורבה און די צוויי יונגען נאָך אים.

— הער אויס פישקאָ, דו מוזט גלייך באַצאָלן פינעף טויזנט זלאָטעס פלוס פינעף הונדערט זלאָטעס קנס פאַר נישט באַצאָלן די שטייערן צו דער צייט! פאַרשטאַנען?

ביי פישל „קאַפּ״ אין בויך האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעריסן, ער האָט דערפילט אַ לערקייט און די צונג איז געבליבן טרוקן ווי נאָך אַ תענית.

— וואָס זאָגט איר, פּאַניע זאַיאָנץ, פינעף טויזנט און פינעף הונדערט זלאָטעס דאַרף איך באַצאָלן מיט אַמאָל? ווי קאָן איך דאָס באַצאָלן אַז איך פאַרמאָג אפילו נישט קיין צענט חלק דער־פון? נאָט זעט, פּאַניע ליבער, ווי אַזוי מיר לעבן!

— וואָס גייט מיך אָן ווי אַזוי איר לעבט? איך בין געקומען פאָדערן דיין חוב דער מלוכה! פאַרשטייסט צי ניין?

„דיין חוב דער מלוכה״... „דיין חוב דער מלוכה״... עפּעס האָבן זיך די ווערטער גענומען דרייען ביי אים אין מוח. גאַנצע פיר יאָר האָט ער געהערט די ווערטער און ער האָט שיעור נישט באַצאָלט דערפאַר מיטן קאָפּ. אָבער איצט האָבן אים די ווערטער ווי אָפּגעגאָסן מיט אַן העמער קאַלטע וואַסער.

— טייערער פּאַניע זאַיאָנץ, מיין חוב דער מלוכה האָב איך געצאָלט פיר יאָר אויפן פראָנט און איצט בין איך אַ אינוואַליד — האָט פישל „קאַפּ״ שטיל געציילט זיינע ווערטער.

די שאַרפע אייגעלעך פון דעם פּאַן זאַיאָנץ האָבן זיך אָנגע־גאָסן מיט גרינעם גיפט. אָט אַ חוצפה פון אַ יידן! אָנשטאָט צו צאָלן שטייערן רעדט ער גאָר שיינע רייד.

— כ׳בין נישט געקומען אַהער מיט דיר צו פירן קיין שמועס. דו צאָלסט צי ניין?!

פישל האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן ווען די צוויי רויע יונ־גען האָבן מיט ווילדן אימפּעט אַ כאַפּ געטאָן די ניי־מאַשין און זי גענומען שלעפּן איבערן ליימיקן דיל צו דער טיר. פישל „קאַפּ״ האָט אויפגעציטערט. אַ הייסער שטראָם בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין און אינסטינקטיוו האָט ער אויפגעהויבן די גרויסע שניידער־שער פונעם טיש:

— לאָזט שטיין די מאַשין! ווייל איך וועל אייך!...

שרה׳קע איז אונטערגעלאָפן און אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— פישל, באַרוייק זיך! פאַרגעס נישט אַז דו ביזט אַ ייד און אַ טאַטע פון דריי פּיצלעך קינדער...

ער איז געבליבן שטיין און דער אָנמאַכט האָט אים פאַרהאַקט דאָס לשון. ער האָט פאַרקוועטשט די פויסטן און דער קאָפּ האָט זיך גענומען טרייסלען אויף די אַקסלען. —

דורך דער אָפענער טיר האָבן זיינע קליינע, רויטע, פון אַרבעט אויסגעמוטשעטע אויגן, נאָכגעפאָלגט דעם פּאַן זאַיאָנץ מיט די צוויי רויע יונגען. זיי האָבן די ניי־מאַשין אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן מיט רוגזה ווי אויף שמעלץ און פישל „קאָפּ" האָט דערפילט ווי דער איינציקער און וויכטיקסטער אבר וואָס האָט אים אויפגעהאַלטן ביים לעבן איז אַכזריותדיק געוואָרן אָפּגעריסן פון זיין גוף.

— „אין כל חדש" — דאָס שלעכטס באַלעבאַטעוועט ווייטער־האָט פישל „קאָפּ" געשעפּטשעט ווי פאַר זיך.

דער האַסטיקער כוואַשטש פון דער בייטש און דאָס הירזשען פונעם פערד האָבן צעיאָגט זיינע גערדאַנקען. — — —

אין יאַנואַר 1936 געדרוקט אין „אונדזער עכאָ"

# אויף דער שוועל פון איבערנאַטירלעכן

דאָס יאָר 1935 אין דער שטאָט ראָוונע, וואָלין. אַ גאַנצע וואָך האָט אַ גרויסער פאַרטרעט אַראָפּגעקוקט פון די פּלאַקאַטן־טומבעס און גערייצט די נייגעריקייט און אין באַשטימטן אָוונט האָט דער פּרעכטיקער זאַל פון „זאַפּראַן־טעאַטער״ געבלענדעט מיט ליכט און מיט יומטובדיקייט. די קאָנפעראַסיערין האָט מיט אַ טיפער־קאָנדענסירטער שטים אָנגעזאָגט דעם אויפטריט פון דעם וועלט־באַרימטן טעלעפּאַט און איז גלייך פאַרשוווּנדן. אויף דער סצענע, אויפן פאָן פון אַ ווייס־זיידענעם פאָרהאַנג איז געשטאַנען אַ מאָ־גערער, נידריק־וווּקסיקער יינגערמאַן אין אַ שוואַרצן פראַק. זיין באַוועגלעך בלייך געזיכט האָט זיך שאַרף און בולט געצייכנט אונטער זיינע עטוואָס געקרייזלטע פעך־שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ און זיין ערנסטער און שאַרפער בליק האָט זיך באַוויגן איבערן זאַל וואָס איז געווען איבערגעלאָדן מיט יינג און אַלט — פּאָליאַקן, רוסן און יידן. אַ לענגערע ווייַלע האָט מען די שטילקייט געקענט אָננעמען מיט דער האַנד און ערשט ווען ער האָט זיך לייכט פאַר־נויגט — האָט אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטן צעשאָקלט די לופט ווי אַן האַרמאַטן־שאָס.

אַ לייכטער ציטער פון זעלבסטצופרידנקייט האָט זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים. ער האָט שוין געפילט אַז דער עולם איז מיט אים, איצט קען ער שוין אָנהויבן צו האַנדלען. די קאָנפעראַסיערין איז ווידער אַרויף אויף דער בינע:

— ווער עס וויל באַקומען אַ תשובה קאָן אויפשרייבן זיין פראַגע און דערלאַנגען מיר אין אַ פאַרקלעפּטן קאָנווערט. איר קאָנט אויך אַרויפגיין אויף דער סצענע טראַכטנדיק וועגן וואָס איר ווילט און איר וועט באַקומען דעם ענטפער גלייך אויפן אָרט.

דער ערשטער וואָס איז אַרויף אויף דער סצענע איז געווען אַ יינגער בחור אין באַגלייטונג פון זיין חברטע. וואָלף מעסינג האָט אים אַ ווײלע באַטראַכט און געזאָגט:

— אייער פראַגע איז אַ אינטימע. מעג איך זאָגן וועגן וואָס איר טראַכט אַז אַלע זאָלן הערן?

— יאָ, ביטע זייער.

— איר טראַכט צי אייער מיידל ליבט אייך.

און דער בחור האָט עס שמייכלענדיק באַשטעטיקט ביי אַן הילכיקן בייפאַל פונעם עולם.

אויף די ווייטערדיקע פראַגן האָט וואָלף מעסינג געענטפערט בליציק־שנעל באַנוצנדיק דעם ווייז פינגער פון דער רעכטער האַנד:

— איר — ווילט וויסן צי איר וועט געווינען אויף דער לאָטעריע.

— איר — אינטערעסירט זיך מיטן שטייער־אַמט.

— איר — זענט נייגעריק צו וויסן דעם מקור פון הצלחה פון אייער חבר.

— די פרוי פרעגט מיך אין בריוו צי איר מאַן וועט זיך אומקערן צו איר צוריק.

— דער מאַן איז באַאומרוייקט צי וועט ער טאַקע היינטיקס יאָר פאַרלירן די פרייהייט דאָס הייסט: צי וועט ער טאַקע מוזן חתונה האָבן...

די שטימונג אויפן זאַל איז געווען אַ הייטערע. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויפן זאַל פונאַנדערגעטיילט פלוגצעטלען אין וועלכע עס איז געוואָרן געמאָלדן אַז וואָלף מעסינג בלייבט אין שטאָט נאָך עטלעכע געציילטע טעג. ווער עס איז פאַראינטערעסירט קאָן אים פערזענלעך באַזוכן אין האָטעל אין די שעהען פון פיר פאַרנאַכט ביז צען אָוונט.

✶

האָט עמעצער פונעם עולם געוווסט ווער עס איז דער דאָזיקער פעאיקער יינגערמאַן וואָס לייענט אַזוי בליציק־שנעל פרעמדע גע־

דאַנקען? וואָלף מעסינג! וואָלף מעסינג! עס קלינגט עפּעס אַ ביסל מאָדנע אויסלענדיש אָבער קיינער האָט קיינמאָל זיין נאָמען נישט געהערט און קיינער האָט נישט געוווּסט פון זיין אָפּשטאַם. זיין פּויליש האָט פאַרמאָגט אַ מין דייטשישן קאָליר און דערפאַר איז מעגלעך אַז דאָס איז אַ פאָלקס־דייטש וואָס האָט דערוואָרבן זיינע קענטענישן אין דער ווייטער אינדיען. מען האָט געמוזט צו וואַרטן גאַנצע **דרייסיק יאָר** כדי וואָלף מעסינג זאָל פּלוצעם אויפטויכן אין דער סאָוויעטישער הויפּט שטאָט און זאָל מיט זיינע איבער־נאַטירלעכע אייגנשאַפטן שטעלן אַ פראַגעצייכן די פּשוטע און דוכט זיך אַזוי לאָגישע קאָנסעקווענצן פון דער דאַרוויניסטישער תורה וועלכע האַלט אַז זי קען אַלץ אַזוי אויסטייטשן מיטן פּשוטן מענטשלעכן שכל. די ערשטע אויפלאַגע פון זיין אויטאָביאָגראַפיש־בוך וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אַ מיליאָן עקזעמפּליאַרן איז מאָמענטאַל, ממש געציילטע טעג נאָכן דערשיינען, פאַרשווּנדן פון די פּאָליצעס אין די ביכער־געשעפטן, כדי צו באַאומרויקן די הערצער פון די קיטשקאָס און אַנדערע יידן־פרעסער.

צו דעם יאָר 1935 וועלן מיר זיך נאָך אומקערן שפּעטער און דערווייל לאָמיר אַ מיש טאָן עטלעכע בלעטלעך פון זיין לעבנס־בוך. — — —

*

דער יינגער וואָלף לערנט אין אַ וואַרשעווער ישיבה און דער פאָטער ר׳ ברוך־לייב האָפט אַז זיין עלוי וועט אים ברענגען גרויס כבוד. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען געפייערט וואָלפס בר־מצווה און דווקא אין די דאָזיקע גרויסע טעג פון אָפיציעלער זעלבסטשטענדיקייט פונעם נושא בעול המצוות — האָט ר׳ ברוך לייב געקאַפט דאָס זינדל לייענען אַ בוך פון באָקאַטשיאָ אויף דייטש און דערצו באַצירט מיט גאָר פרעכע בילדער.

אַ שוואַרצע כמאַרע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן פאָטערס קאָפּ. שוואַרצע קראָען האָבן זיך צעפלאַטערט און אַנגעזאָגט נישט קיין גוטס. אויף אַזאַ קלאַפּ האָט ר׳ ברוך לייב אַפילו נישט גע־

חלומט. מילא פויליש — די שפּראַך פון דער מדינה — האָט ער גע־ווּסט אַז ער קען אָבער פון וואַנען קומט צו אים פּלוצעם דייטש? דערצו אַ בוך מיט אַזעלכע פּרעכקייטן?

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט נאָכן בוך:

— וועלוול, גיב אַהער די טומאה! דאָס איז נישט פאַר דיר!

— איך ווייס שוין אַליין, טאַטע, וואָס גוט איז פאַר מיר! איך בין שוין געגוק זעלבסטשטענדיק. דו האָסט דאָך ערשט נישט לאַנג געזאָגט: ברוך שפּטרני...

דער פאָטער האָט בייז פאַרביסן די ליפּן. דאָס ערשטע מאָל אַז דער בנ׳אָק זיינער לאָזט אים הערן אַזעלכע רייד.

ר׳ ברוך לייב האָט אים גענומען טרעטן אויף די פּיאַטעס, געשמעקט, געזוכט, נאָכגעקוקט, קאָנטראָלירט, געמוסרט.

וואָלף האָט געשוויגן נאָר אַלץ אין אים האָט געזאָטן. עס איז אים געוואָרן ענג און אין איינעם אַ גרויען פרימאָרגן האָט ער אויפגעבראָכן די פּושקע פון מאיר־בעל־נס און דווקא צוליב אַ סגולה וועגן אַרויסגענומען ח״י גראָשן און איז אַוועק פון דער היים אָן אַ זיי געזונט. אַ הונגעריקער האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די וואַרשעווער גאַסן־פּעריפעריעס ביז אַ צענדליק קאַרטאָפל אַרויסגעגנבעטע פון אַ פּויערישן גאָרטן האָבן אים אַביסל געזעט־טיקט. איצט איז ער אַ צופרידענער געשטאַנען אויפן באַן־הויף און אָפּגעוואַרט דעם צוג קיין בערלין. אין וואַגאָן איז געווען גע־רוים, בלויז געציילטע פּאַסאַזשירן זענען ברחבותדיק געזעסן אויף די פּלעצער אָבער וואָלף האָט זיך גלייך פאַרשטעקט אונטער אַ באַנק און געלעגן שטיל פאַרטייעט מיט טיפן האַרץ־געקלאַפּ.

די עטלעכע עבֿרות מיטאַמאָל וואָס ער האָט היינט אָפּגעטאָן האָבן שטאַרק געדרוקט אויף זיין יינגלש געוויסן אָבער דער באַ־שלוס אַרויסצושווימען אויף דער גרויסער וועלט איז געווען שטאַרק ווי אייזן. קיין שום פּרייז איז נישט צו הויך! קיין שום פּרייז! — האָט ער איבערגעחזרט אין געדאַנק און געפילט דערביי ווי הייסע שטראָמען בלוט צעוואַרעמען זיינע געבליטן. עס האָט אים באַ־

הערשט אַ מעקווירדיקע רו, נישט געפילט די האַרטקייט פון דער פּאָדלאָגע אונטער דער באַנק און מיט פאַרגעניגן נאָכגעפאָלגט דעם מאָנאָטאָנעם פיר־טאַקט פון די רעדער וואָס פירן אים אַלץ נאָענטער צו זיין אויסגעבענקטן ציל. וואָלף איז כמעט ווי פאַר־דרימלט געוואָרן ווען די האַרטע און פעסטע טריט פונעם קאָנדוק־טאָר האָבן זיך פלוצים צעטראָגן אויף דער פּאָדלאָגע.

— ביטע צוגרייטן די בילעטן!

וואָלף האָט אויפגעציטערט. דער קאָנדוקטאָר האָט פלינק גע־לעכערט די בילעטן ביי די געציילטע פּאַסאַזשירן און באַמערקנדיק דעם בלינדן פּאַסאַזשיר אונטער דעם באַנק, זיך איינגעבויגן און אַ פריילעכער אויסגעשריגן:

— העי, יינגערמאַנטשיק, קריך נאָר אַפּער פון דאָרטן! דו זוכסט אַוודאַי דאָרטן דיין פאַרלוירענעם בילעט! נו וויז נאָר אַהער דיין בילעט!

אין וואָלפן האָט זיך עפּעס צעוועקט און דער פחד האָט אָפּגע־טרעטן. ער האָט שאַרף אַדורכגעקוקט דעם קאָנדוקטאָרס אויגן און גענומען זוכן עפּעס אַרום זיך. אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר האָט זיך געוואַלגערט לעבן זיינע פיס. וואָלף האָט עס אויפגעהויבן און דערלאַנגענדיק עס דעם קאָנדוקטאָר געזאָגט:

— דאָ האָט איר מיין בילעט! ביטע.

נישט אַראָפּנעמענדיק אויף קיין רגע זיין בליק פונעם קאָנ־דוקטאָר האָט ער איבערגעחזרט:

— דאָס איז מיין בילעט!

דער קאָנדוקטאָר האָט גענומען דאָס שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר, עס אָפּגעלעכערט מיטן צווייגל און אָפּגעבנדיק עס צוריק דעם יינגל, צוגעוואָרפן:

— דו קענסט זיך דאָך אַוועקזעצן באַקוועם.

— ניין, האָט וואָלף געענטפערט, איך בין מיד אַביסל און דאָ איז זייער באַקוועם צו ליגן...

איצט האָט ער שוין רוייק אויסגעציילט די זיך דערוויטערנ־

דיקע טריט און אויסגעמיטן די בליקן פון די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן אים מיט נייגער אָבסערווירט. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער אויפגעהאַלטן דאָס בילד פון דער לעצטער דעצינדירנדיקער רגע. זיין האַרטער בליק אין די אויגן פונעם קאָנדוקטאָר. זיין שטילע נאָר פעסטע שטים. זיין שטאַרקער ווילן קאָן הייסט עס באַאיינפלוסן אַ מענטשן!

דאָס דרייצן-יעריקע ישיבה בחורל האָט זיך אַליין אונטערגע־געבן זיין איבערנאַטירלעכן כוח. — — —

✶

בערלין. דער צענטער פון קולטור, פון מענטשלעכער פרייהייט און פון גרויסע האָפנונגען. בערלין פון ווײמאַר. וואָלף האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט אָבער ער האָט גאָר שנעל געפונען זיין אָרט. האָט ער דען געקענט חלומען פון אַ בעסערן אַרבעטס־פּלאַץ ווי אַ שיק־יינגל אין אַ גרויסן בערלינער וואַרן־הויז? לאַנגע וואָכן האָט ער דאָרט אַוועקגעלעגט זיינע יינגע כוחות פאַרדינענ־דיק „וואַסער אויף קאַשע״ אָבער ער איז געווען צופרידן מיט זיך. פאַרווירקלעכטע טרוימען זענען אייביק ווייט פון די טרוימען אַליין אָבער **דערנער זענען אַ נויטיקער באַשטאַנד־טייל פון די רויזן** — האָט וואָלף צו זיך אַליין איינגעטענהט בעת ער האָט געשלעפּט די שווערע קאַסטנס סחורה וואָס האָבן גאַנץ אָפט איבערגעשטיגן מיט זייער שווערקייט זיין אייגענע וואָג.

אין איינעם אַ טאָג, שלעפּנדיק אַזאַ שווערן קאַסטן, פאַלט וואָלף אַוועק און פאַרלירט דעם אָטעם. גיכע הילף. שפּיטאָל. דריי טעג אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד און אויפן פערטן טאָג שטעלט אַ דאָקטאָר פעסט דעם טויט און באַפעלט אַראָפּצוטראָגן דעם קערפּער אין טויטן־שטיבל. אַ יינגער מעדיצין־סטודענט, אַב־סערווירט דאָס טויטע יינגל און מאַכט אויפמערקזאַם זיין פּראָ־פעסאָר אויף געוויסע נערוועאישע באַוועגונגען פון די אויגן. מען נעמט דאַן וואָלפן אויף אַ פרישער אונטערזוכונג און מען שטעלט פעסט אַ זעלטענעם צושטאַנד פון אַ טיפער לעטאַרגיע. אויף צו־

מאָרגנס, אַז וואָלף איז געקומען צו זיך האָט דער פּראָפעסאָר אָפּגעשילדערט דעם יינגן בחורל געגנוי וואָס מיט אים האָט פּאַסירט כדי ער זאָל וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען אין דער צוקונפט און וואָלף גייט צוריק אַוועק צו זיין טעגלעכער אַרבעט אין וואַרן־הויז.

פון איצט האָלט וואָלף אַן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן פּראָפעסאָר און איבערצייגט זיך גאָר שנעל אַז ער איז מסוגל אַריינ־צופאַלן אין אַזאַ לעטאַרגישן טראַנס לויט זיין אייגענעם ווילן. דעם יינגלס איבערנאַטירלעכע אייגנשאַפטן ברייטערן זיך אויס און עס הויבט זיך אָן זיין גרויסע קאַריערע. וואָלף טרעט אויף אין בער־לינער פּאַנאָפּטיקום אין אַ לעטאַרגישן צושטאַנד אַ פאַרמאַכטער אין אַ גלעזערנעם שאַנק פון וועלכן די לופט ווערט גענצלעך אויס־געפּאָמפּעט. דאָס בערלינער פּאַנאָפּטיקום איז געווען שטאַרק באַ־רימט מיט זיינע אויסטערלישקייטן: קעלבלעך מיט צוויי קעפּ, פאַר־שיידענע מענטשן־קאַריקעס אין סטיל פון וויקטאָר הוגאָ — אַ האַלב־נאַקעטע פרוי מיט גרויס־אַנטוויקלטע בריסטן און מיט אַ לאַנגער באָרד אָבער דאָס פאַרמאַכטע יינגל אין גלעזערנעם שאַנק אָן לופט — האָט אַלעמען איבעראַשט און פאַרוווּנדערט.

איידער די נאַצישע בעסטיע דערשלאָגט זיך צו דער מאַכט פאַרלאָזט וואָלף די דייטשישע הויפּט־שטאָט. ער אַנטפּלעקט אין זיך וואָס אַמאָל אַלץ נייע אייגנשאַפטן. זיין שטאַרקע היפּנאָטישע קראַפט גייט געפּאָרט מיט סוגעסטיע און מיט אַ שטאַרקן אומבויג־זאַמען ווילן און כוח צו הערשן איבער זיין אייגענעם קערפּער. ער פאַלט אַריין אין אַ לעטאַרגישן טראַנס און קען זיך איבער־וועקן אַליין אין דער געגנוי באַשטימטער רגע. ער קען איצט אויך לייענען פרעמדע געדאַנקען און זעט פאָרויס געוויסע געשעענישן פון פּערזענלעכן, אַלגעמיין מענטשלעכן און פּאָליטישן כאַראַקטער. צוליב רעקלאַמע קאָאָפּטירט ער זיך צו דעם פאַמיליע־נאָמען מע־סינג און דער נאָמען וואָלף מעסינג ווערט אַ שם־דבר אין די גרעסטע אייראָפּעישע צענטערס. ער איבעראַשט די וועלט מיט דרייסטע סעאַנסן פון העלזעעריי. זיין פּראָגנאָזע איבער דעם דייט־

שישן נאַצי־רעזשים וואָס פּרעטענדירט אויף אַ טויזנט־יעריקן רייך — איז זייער אַ ביטערע. ער זאָגט פּאַר אַז עס וועט אָנהאַלטן בלויז געציילטע יאָרן און רופט אַרויס דעם כעס פון דעם אַשמדאַי אַליין. פאַרשטייט זיך אַז דאָס גייט אים נישט אַדורך גלאַטיק. די היטלעריסטן זוכן אַ געלעגנהייט אים צו כאַפּן נאָר וואָלף מע־סינג פאַרלאָזט זיך אויף זיין אַנטוויקלטער אינטואיציע און פאַר־ווישט די שפּורן. אָבער אָפּט האָט ער ליב זיך צו שפּילן מיט זיין גורל. דער געוועזענער וואַרשעווער ישיבה־בחור איז איצט איבער־גענומען מיטן גורל פון פוילן, ער ווייסט אַז דאָס יאָר 1939 איז אַ דעצידירנדיקס נישט נאָר פאַר פוילן — דער גורל פון גאַנץ אייראָפּע ווערט איצטער געמאָסטן. וואָלף מעסינג פאַרלאָזט נישט וואַרשע אין די שווערע טעג פון סעפּטעמבער. זיינע פאָטאָגראַ־פיעס זענען געדרוקט אין אַלע צייטונגען, טויזנטער אויגן שפּיאָנירן נאָך זיין יעדן טריט, די נאַציס געבן פאַר זיין קאָפּ הונדערט טויזנט זלאָטעס. ביז איינמאָל און אַ אומפאָרזיכטיקער קליינער שריט גיט אים איבער אין די היטלעריסטישע הענט. מען פירט אים אָפּ אין תפיסה און אַ צענדליק וואַך־לייט היטן אים פון אַלע זייטן. עס זעט אויס אַז קיין שום כוח וועט אים שוין נישט באַפרייען פון די נאַצישע נעגל.

עס פאַלט צו די נאַכט און וואָלף מעסינג דערפילט אַז די נאַכט איז אַ דעצידירנדיקע און אַז פאַר יעדן פּרייז מוז ער איצט אַנט־לויפן. ער מאַכט אַ פּשוטן פּלאַן און שטרענגט אָן זיין גאַנצן ווילנס־קראַפט אין איין ריכטונג. אין האַלבער נאַכט עפנט אויף אַ וועכטער זיין צעל כדי צו קאָנטראָלירן זיין אָנוועזנהייט. מעסינג וואַרפט אויף דעם וועכטער זיין שטרענגן בליק און דער וועכטער בלייבט גלייך זיצן אויף דער פּאָדלאָגע. איצט קען ער אַרויסגיין אויפן קאָרידאָר צו די איבעריקע וועכטער. זיין בליק צווינגט זיי אַלע אַריינצוגיין אין דער אָפענער צעל און דאַן הענגט ער אָן דעם שלאָס אויף דער טיר און גייט געלאַסן אַרויס אויף דער גאַס. וואָלף מעסינג איז געראַטעוועט. — — —

✶

איך האָב אים געקענט פּערזענלעך און דערוויסנדיק זיך אַז ער לעבט אין מאָסקווע האָב איך לאַנג נישט געקענט באַהאַלטן מיין איבעראַשונג. איז לאָמיר זיך איצט אומקערן צוריק צום יאָר 1935 אין ראָוונע. איך מאַך דאַמלט אַדורך די מיליטערישע פליכט־דינסט און דעם אויפטריט פונעם באַרימטן טעלעפּאַט וואָלף מעסינג קען איך נישט ביי זיין. מיינע באַקאַנטע טיילן זיך מיט זייערע איינ־דרוקן און דערציילן ניסים ונפלאות און איך, צוזאַמען מיט מיין חבר משה, אַ לערער אין אַ פאָלקס־שולע, באַשליסן אים צו באַ־זוכן אין זיין האָטעל.

עס איז זונטיק פאַרנאַכט, די איינציקע פרייע שעהען אין דער וואָך וועלכע אַ פּוילישער זעלנער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע. זיצן מיר אין לייכטער שפּאַנונג אין קאָרידאָר און וואַרטן מיט אַ ביסל אומגעדולד. ווען די טיר האָט זיך געעפנט און אַ העברערער פּוילישער אָפיצער האָט מיט שנעלע טריט פאַר־לאָזט דאָס צימער איז וואָלף מעסינג געבליבן שטיין אויף דער שוועל, אַ ווײַלע אונדז ביידע באַטראַכט און זיך געווענדעט גלייך צו מיר:

— קומט איר אַריין דער ערשטער, אייער חבר וועט דאָ צו וואַרטן.

אייער חבר... אייער חבר... מאָדנע, איך האָב דאָך מיט אים קיין איין וואָרט נישט פאַרביטן. פון וואַנען נעמט ער אַז דאָס איז מיין חבר?

כ׳בין אַריין מיט אַ ביסל אויפרעגנדיקער האַרץ־קלאַפּעניש וואָס עס האָט לחלוטין נישט געפּאַסט פאַר מיין מיליטערישן מונדיר מיט דעם קינזשאַל ביי דער זייט.

— ביטע זיצט!

האָט מעסינג געזאָגט אָנווייזנדיק מיט זיין פינגער אויף אַ שטול נעבן דעם קליינעם טישל אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ בליי און אַ פּייקע. כ׳האָב זיך נישט דרייסט אַראָפּגעלאָזט אויף

דער שטול. אַ ווײַלע האָב איך זיך געקווײנקלט אָבער זיך אָנגענומען מיט מוט און אָפנהאַרציק געפרעגט:

— אַנטשולדיקט מיר מײַן הער, איך װאָלט װעלן װיסן פּאַרװאָס איך דאַרף אײַך באַצאָלן?

מעסינג האָט אַ לײַכטן שמײכל געטאָן און שטיל געזאָגט:

— מײַן פרײַנד, איר האָט אַװדאי געזען דעם הױכן אָפיצער װאָס איז דאָ ערשט געװען בײַ מיר? ער צום בײַ שפּיל האָט מיר באַצאָלט פּונקט זלאָטעס, אָבער...

כ׳האָב זיך אױפגעשטעלט און זיך געלאָזט צו דער טיר. עס איז מיר געװען זײער נישט אָנגענעם.

— זײַט מיר מוחל — האָב איך געזאָגט — איך האָב לײדער נישט די דאָזיקע מעגלעכקײטן. אפשר װעל איך...

אָבער מעסינג האָט מיך נישט געלאָזט פאַרענדיקן. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און איבערצײַגנדיק געזאָגט:

— נײן, נײן! גײט נישט אַװעק מײַן ליבער פרײַנד! כ׳האָב עס אײַך בלױז דערצײלט אַלס פאַקט. איך װײס אַז איר האָט נישט איצטער אַזאַ סומע געלד און אַז איר זענט בכלל נישט גרײט מיר אַזאַ ס׳מע געלד צו געבן. אָבער היות װי איך װײס אַז אײַך האָט געבראַכט אַהער נישט דער בלינדער גלױבן אין מיר נאָר אײַער װיסנשאַפטלעכער אינטערעס אין די איבערנאַטירלעכע דערשײנונגען פון דער היפּנאָזע און טעלעפּאַטיע, בין איך גרײט אײַך אױפצונעמען פאַר יעדן סימבאָלישן פּרײַז. כ׳בין געװאָרן דערשטױנט — עס האָט דאָך פּולקאָם געשטימט מיט דער װירקלעכקײט. כ׳האָב אים נישט דרײסט דערלאַנגט אַ קלײנע צװײ־זלאָטע מטבע. מעסינג האָט עס גענומען פון מיר און גלײַך אָנגעהױבן ציטירן שטריכן פון מײַן כאַראַקטער גלײַך ער װאָלט מיט מיר געהױזט פיל יאָרן צוזאַמען. ער האָט געװוּסט געניי װעגן מײַן באַשעפטיקונג אין ציװיל און איבערגײענדיק צו מײַן מיליטער־דינסט האָט ער געזאָגט:

— ליבער פרײַנד, איך װאָלט אײַך געראָטן צו זײַן זײער געװאָרנט, פאַרנעמט זיך נישט מיט קײן פּאָליטיק און מײַדט אױס

דיסקוסיעס. איר זענט אַרומגערינגלט מיט אַ סך שונאים. עטלעכע פערזאָן זוכן אייך צו פאַרוויקלען אין אַ ענין פון וועלכן עס קען אייך קיין גוטס נישט אַרויסקומען. עקשנט זיך איין און באַמיט זיך אַדורכצוגיין די צייט מיט גרויס פאָרזיכט!

(אַלץ האָט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט — מיין פּאָלי־טישער שטערן איז דורך דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי געווען זייער באַשמוצט...)

נאָכדעם איז מעסינג איבערגעגאַנגען צו מיין פאַרגאַנגענ־הייט. ער האָט עס געמאַכט מיט דער הילף פון גימטריאות און אויסגערעכנט מיר געוויסע עפּיזאָדן פון מיין לעבן גלייך ער וואָלט זיי האָבן אַרויסגעלייענט פון מיין טאָג־בוך. צולעצט האָט מעסינג מיר פאָרגעלעגט צו דעמאָנסטרירן אַ טעלעפּאַטישן סעאַנס.

— איך בין אויך אַ היפּנאָטיזער — האָט ער געזאָגט אָבער היות מיט אייך וועט מיר אָנקומען אַביסל שווער — וויל איך ווערן אייער מעדיום און איך וועל אויספילן אַלע באַפעלן וועלכע איר וועט מיר געבן. איר מוזט אָבער טראַכטן שטאַרק און קאָנ־סעקווענט. און אויב איר זעט אַז איך טו נישט לויט אייער ווילן דאַרפט איר אין געדאַנק באַפעלן: טו אַזוי ווי איך וויל! אַזוי לאַנג ביז איך וועל אויספירן אייער פאַרלאַנג.

און מעסינג נעמט מיך אָן פאַרן פולס און זאָגט:

— מיר הויבן אָן!

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיין גאַנץ וועזן האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט. זיין געזיכט איז געווען בלאַס, יעדער מוסקול פונעם פנים האָט געציטערט.

איך האָב אים אין געדאַנק באַפוילן צוצוגיין צו דעם בילדל וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. מעסינג האָט געמאַכט עטלע־כע טריט פאָרויס, אָנגערירט מיט דער האַנד דאָס בילדל און געזאָגט:

— באַפעלט מיר ווייטער וואָס צו טאָן.

כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן: גיי צו צום טיש און נעם פון דאָרטן דעם בליי!

מעסינג איז גלייך צוגעגאַנגען צום טיש און געזאָגט:

— אפשר וועט איר נאָך עפּעס באַפעלן.

— נעם די פּייקע! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

מעסינג האָט עס געטאָן און געזאָגט:

— וואָס ווייטער?

כ׳האָב אים באַפוילן צו נעמען דעם בליי און אַוועקלעגן אויף דער שטול וווּ איך בין געזעסן.

מעסינג האָט עס גלייך אויסגעפירט און געזאָגט:

— ליבער פריינד, אייך אינטערעסירט דאָך געוויס צו וויסן ווי אַזוי איך מאַך דעם דאָזיקן עקספּערימענט. אַלזאָ, הערט. ווען אַ מענטש וויל עפּעס — רעאַגירט זיין בלוט אַנדערש ווען זיין ווילן ווערט אויסגעפירט און אַנדערש ווען זיין ווילן ווערט נישט אויסגעפירט. די דאָזיקע בלוט אימפּולסן ווערן אָפּגעפילט דורך מיינע נערוון און דער מוח אַרבעט עס איבער אויף דער מענטשלע־כער שפּראַך. פאַרשטייט זיך אַז דערצו דאַרף מען פאַרמאָגן אויך אַ געוויסע אינטואיציע אָן וועלכער די דעשיפרירונג פון די דאָזיקע אימפּולסן איז אוממעגלעך. די דאָזיקע אינטואיציע איז פאַקטיש דער סוד וואָס אַפילו זיין באַזיצער קען אים נישט פאַרשטיין. די וויסנשאַפט האָט לײדער ביז היינט צו טאָג נאָך נישט אויפגע־קלערט אַ גאַנצע ריי נישט־פאַרשטענדלעכע דערשיינונגען ווי היפּ־נאָז, סוגעסטיע, טעלעפּאַטיע, העלזעעריי הגם די דערשיינונגען עקזיסטירן יאָרן לאַנג פונקט ווי עס עקזיסטירט עלעקטריציטעט אָדער דער עטער. דעם אמת זאָגנדיק בין איך שטאַרק מסופק די וועלן די דאָזיקע סודות בכלל ווען עס איז קענען אויפגענומען ווערן מיט אונדזער באַגרענעצטן מענטשלעכן שכל. —

וואָלף מעסינג רעדט געלאַסן און קלאָר. זיין פשטות און אויפריכטיקע באַנעמונג שאַפט אַ שטילע און מענטשלעך־האַרציקע אַטמאָספער און איך האָב דעם איינדרוק אַז מיר קענען זיך שוין

יאָרן לאַנג. ער איילט זיך בכלל נישט צו פאַרענדיקן אונדזער געשפּרעך און איבעראַשט מיך מיט אַ פּרווו מיר אָנצוצייכענען געוויסע פּרטימדיקע שטריכן אויף דער צוקונפט. וואָלף מעסינג זאָגט אַז דאָס טוט ער בלויז אין באַזונדערע אויסנאַם־פאַלן. אָבער די אמתע אינטערעסאַנטע און מערקווירדיקסטע איבעראַשונג האָט מיך ערשט דערוואַרט אַביסל שפּעטער.

מיין פרייע צייט האָט גענומען אויסרונען. מאַקסימום 8.45 האָב איך געדאַרפט זיין אין די קאָשאַרן און דער וועג פונעם האָטעל מוז געדויערן אַ גוטע שעה. כ׳האָב אינסטינקטיוו געוואָרפן אַ בליק אויפן זייגער. עס איז שוין געווען נאָך אַכט. כ׳האָב שוין פאַר קיינפאַל נישט געקענט באַווייזן אָנצוקומען צו דער צייט. די דיסציפּלין איז געווען אַ שטרענגע ביז גאָר און כ׳האָב אָנגעהויבן זיך צו באַאומרוייקן. מעסינג האָט עס אויגנבליקלעך אָפּגעפילט און זיך אָפּגערופן:

— הערט אויס מיין פריינד, איר דאַרפט זיך נישט דענערווירן. איך פאַרזיכער אייך אַז איר וועט היינט אָנקומען אין די קאָשאַרן מיט אַ גאָר גרויסער פאַרשפּעטיקונג אָבער עס וועט אייך גאָרנישט געשען קיין שלעכטס. זיצט זשע דעריבער רויק און לאָמיר פירן אונדזער שמועס ווייטער. מיר איז זייער אָנגענעם אייך צו קענען לערנען ווייל מיר האָבן געוויסע געמיינזאַמע פּאַראינטערעסירונגען. פאַרן אַוועקגיין וועל איך אייך נאָך געבן געוויסע אָנווייזונגען.

אונדזער געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן אויף נאָך העכער אַ שעה. מיין באַזונדערער אינטערעס פאַר זיין באַשעפטיקונג האָט אים פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן. וואָלף מעסינג איז געווען גאָר נאָענט אין די פּראָבלעמען פון טעאַטער, קונסט, מוזיק און ליטעראַטור און אונדזער שמועס האָט זיך געוויקלט אַרום די דאָזיקע ענינים. —

אַ זייגער האַלב צען האָט וואָלף מעסינג געעפנט די טיר. אין קאָרידאָר זענען געזעסן עטלעכע מענטשן און אומגעדולדיק געוואַרט. ער האָט אַריינגעבעטן מיין חבר משה, אים געבעטן זיצן

און אָננעמענדיק מיך פאַר דער האַנט, מיך אַרויסבאַגלייט אויפן קאָרידאָר ביז דער גאַסן טיר:

— הערט מיין פריינד, איר מוזט איצטער גיין אין די קאַשאַרן מיט דעם גלייכן וועג, נישט פאַרבייטן מיט קיינעם קיין וואָרט און נישט אַוועקשענקען אייער אויפמערקזאַמקייט קיין שום זאַך. פאַרשטאַנען? איצט גייט מיט הצלחה!

כ'האָב זיך געזעגנט און בין אַוועק אַ מונטערער. כ'בין געגאַנגען מיט אַ פעסטן זעלנערישן טראָט און כדי אויסצומיידן באַקאַנטע בין איך אַפילו אַראָפּגעגאַנגען אויפן שאָסיי.

די קאַשאַרן זענען שוין געשטאַנען אין טיפן שלאָף ווען איך בין אָנגעקומען צו דעם אייזערנעם טויער מיט נישט קיין קליינעם ציטער אין האַרצן. כ'האָב זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווי געוויינלעך פון זעלנערישער געוווינהייט אָפּגעצויגן דעם מונדיר און קאָנטראָלירט צי זענען אַלע קנעפּלעך אויפן אָרט. מיט געמאַכטער זיכערקייט אין זיך האָב איך זיך געלאָזט צו דער וואַך־בודקע. דער וואַרטעזעלנער האָט געענטפערט אויף מיין באַגריסונג און מיט קיין וואָרט נישט געפרעגט אויף קיין ד'ערלויבעניש צו קומען אין די קאַשאַרן אין אַזאַ שפּעטער שעה. די צווייטע איבעראַשונג האָט מיר געמאַכט דער דיזשורירנדיקער אונטעראָפיצער וואָס האָט געהאַלטן דינסט אויפן זאַל. אויך ער האָט מיך געזען פאַרביי גיין, געענטפערט אויף מיין באַגריסונג און נישט געפרעגט וועגן דער סיבה פון מיין פאַרשפּעטיקונג. ווי באַקאַנט פלעגט מען זיין זייער מקפּיד אין פּוילישן מיליטער אויף די זעלנער וועלכע פלעגן אַוועקגיין פאַרברייגען אין שטאָט אַריין און זייער צוריקקער פלעגט ווערן זייער שטרענג קאָנטראָלירט. פאַר דער מינדסטער פאַרשפּעטיקונג אַפילו אויף פינעף מינוט פלעגט מען ווערן באַשטראָפט. מיין נייגעריקייט האָט מיך אָבער נישט געלאָזט שלאָפן און אַראָפּוואַרפנדיק די מלבושים בין איך ווידער אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען דעם אונטעראָפיצער אָבער אויך דאָס מאָל האָט ער מיך בלויז שמייכלענדיק אָבסערווירט. אויך אויף

צומאָרגנס האָט זיך מיט מיר קיינער נישט אינטערעסירט און דער פאַל איז פאַרבליבן ביי מיר ווי אַ זייער אינטערעסאַנטער לעבנס־עפּיזאָד.

מעגלעך אַז ווען דאָס אַלץ פּאַסירט נישט מיט מיר זעלבסט וואָלט איך נאָך היינט געפּרוּווט צווייפלען אין דער ריכטיקייט דער־פון הגם די היפּנאָזע, טעלעפּאַטיע, העלזעעריי און סוגעסטיע זענען אין אונדזער יאָרהונדערט דערהויבן געוואָרן צו גלייכבאַרעכטיקטע אין דער וויסנשאַפט ווי פיזיקע און מאַטעמאַטיקע.

# לא תרצח!

## א. פון דער שטאָט צום דאָרף

דער טאָג איז געווען אַ חמסיניקער. אַ הייסער מזרח ווינט האָט זיך געריסן צו די בערג, אויפגעהויבן פולע הויפנס שטויב און מיט אַ שניידיקן פייף אָפּגעשיט די ציטערדיקע ווענט פון די פּאַרלאָזטע און אויסגעליידיקטע הייזלעך. שוין דאָס דריטע יאָר ווי קיין מענטשלעכער פוס האָט נישט באַטראָטן די פאַרדאָרנטע סטעזשקעס און אַלץ אַרום האָט דאָ געפּוסטעוועט, אָנגעיאָגט אַ מרה שחורה. די שייבלעך אין די קליינע הייזקעלעך זענען געווען צעהאַקט און די פענצטערלעך האָבן געגלאָצט מיט שוואַרצקייט ווי צעפּוילטע ציין אין זקנישע מיילער.

אינעם דאָזיקן הייסן נאָוועמבער טאָג האָט זיך אַ פינעף טאָנ־ניקער משא אויטאָ געטרייסלט איבערן אַספאַלט שוין פון די טונ־קעלע פרימאָרגן שעה׳ן און פלוצעם זיך אָפּגעריסן פון עכו־צפתער הויפּט שאָסיי כדי מיט געהאַמעוועטער ענערגיע זיך אָוועקצולאָזן איבער שמאָלע פעלד־וועגן. דער נהג האָט געוואָרפן פאַרשערישע בליקן אין אַלע זייטן אַפּנים ס׳ערשטע מאָל דאָ אין דער געגנט, האָט ער דעריבער זיך געדרייט דאָ רעכטס דאָ ווידער לינקס נאָכ־דעם באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ ביז עס האָט אָנגעהויבן צו פינטלען מיט רויטן שיין דאָס קליינע לעמפּעלע ווען פון דער מאַשין האָט זיך דערהערט אַ קלאָרער און שאַרפער באַפעל:

— ירוחם, האַלט איין! מיר זענען שוין אויפן אָרט!

דאָס איז געווען דאָס קול פון מנחם פאַלדי דער פאָרזיצער פון דער וועגעטאַריער גרופּע וואָס האָט זיך נישט לאַנג צוריק אָרגאַניזירט. ער איז געשטאַנען ביי דער עפענונג מיט דעם אַנט־בלויזטן קאָפּ און דער ווינט האָט שטאַרק צעשויבערט זיינע האָר.

אין זיינע קליינע שפּאַלטיקע אייגעלער האָט געשפּילט אַ לייכט פּייערל און ער האָט מיט דעם דאָזיקן ברען אָנגעשטעקט אַלעמען, צעצונדן און מיטגעריסן מיט זיך.

דאַמלט האָט ירוחם דער נהג פּאַרזיכטיק אָנגעדריקט אויפן האַמוליעץ און ווען דער משא אויטאָ האָט מיט די פּאָדערשטע רעדער אָנגערירט דעם שפּוע פונעם באַרג האָבן זיך פון אונטער דעם ברעזענטענעם צודעק אַרויסגעשיט עטלעכע און צוואַנציק באַיאָרטע מענטשן מיט לייכטן געפילדער און מיט קלענערע און גרעסערע קלימעקעס אויף די פּלייצעס און אין די הענט. נאָך דער העכער פיר שעהדיקער רייזע האָבן די פיס פאַרלוירן די זיכערקייט אינעם גאַנג, די פעקלעך האָבן זיך קאָמיש געבאַמבלט און צוגעקלונגען מיט בלעכענעם קלאַנג פון כלים.

זיי האָבן אויסגעזען ווי רעקרוטן וואָס זענען אָקאָרשט אָנגעקומען אין דינסט צום מיליטער און כאַפּן איצט דעם ערשטן שליף אויף די ווילדע פעלדזן פון די בערג. זיי האָבן זיך פלינק געדראַפּעט איבער די שטייניקע וועגעלעך און די פרייד פון הייליקער שליחות האָט געזעצט פון זייערע אויגן. און אַז דאָס צימערל־ביוראָ האָט זיך אָנגעפולט מיט ענגעניש און שווייגנדיקע נייגעריקייט האָט צעוואַרעמט די געזיכטער האָט זיך פונעם ווינקל ביי דעם קיילעכדיקן טישל, דערהערט מנחם פאַלדי וואָס האָט געציילט די ווערטער מיט שטאַרקן פּאַטאָס:

— חברים, וועגעטאַריער! היינט ווערט פאַרווירקלעכט דער טרוים פון לאַנגע יאָרן... דאָ וועלן מיר קענען אויפהאַלטן אונדזער קיום אויף דער געהעריקער מאָראַלישער הויך און דערגרייכן אריכת ימים... דער היינטיקער טאָג, דער 9טער נאָוועמבער 1958 וועט אַריין אין דער געשיכטע ווייל אויף דער הייליקער ערד פון „אמי־רים" שפּראָצט ווידער אַרויס דער יידישער אורשפּרינגלעכער הו־מאַניטאַריזם.

די שמאָלע שפּאַלטן־אייגעלער האָבן זיך צעבלישטשעט מיט קינדערשער פרייד בעת מנחם פאַלדי האָט מיט פייערלעכער פּשטות

געדריקט די האַנד און גוט־ברודעריש געקלאַפּט אויף דער פּלייצע. די נייע אויסגעבענקטע מושבניקעס האָבן זיך גלייך ווי מוראַשקעס צעשאָטן איבער די הייזלעך. מען האָט צוערשט אַרויסגעוואָרפן דאָס מיסט וואָס האָט זיך פאַרנעסטעט אין די צימערן, געשייערט די ווענט און געקראַצט די באַלאַטן. ווער עס האָט פאַרמאָגט אַ שייבל אין פענצטער, האָט עס זאָרגפעליק אויסגעפּוצט מיט אַ טרוקענער שמאַטע.

מיט וואַסער האָט מען געמוזט זיין זייער שפּאָרזאַם ווייל די וואַסעררערן, פאַרנאַכלעסיקטע זענען געווען פאַרזשאַווערט און צעהאַקט. שפּעטער האָט מען אויסגעפּרוווט די פּתיליה׳ס צי זיי ברענען און איבער די אויפגעלעבטע הייזלעך פונעם מושב האָבן מיט רויטלעכן שיין אויפגעלויכטן די נאַפט־לעמפּעלעך. שטילע און שאַרפע באַרג־לופט האָט זיך פאַרגנבעט דורך יעדער שפּאַרע, פון כנרת האָט געווייעט אַ לייכטער געזאַלצענער הויך און פונעם הימל האָט געווונקען מיט מיסטישן גלאַנץ פון פאַרצייטנס.

### ב. בזיעת אַפּיך

„אמירים״ — דער וועגעטאַריער מושב צעשפּרייט זיך אויף אַ שטח פון 640 דונאַם אין די בערג פונעם גליל אויף אַ הויך פון קנאַפּע 600 מעטער איבערן ים־פלאַך. דער וווּנדערבאַרער כנרת וואַשט אָפּ דאָס אויג מיט זיין טיפן בלוי און די קילע און טרוקענע לופט צעשפּאַרט די ברוסט מיט פרישקייט. ווינטער צייט רעגנט און אַז עס פאַלט אַמאָל אַ שניי ווערט די ערד באַדעקט מיט פאַנטאַסטישע געוועבן און די שפּועס פון די בערג בלישטשען אָפּ מיט שימערירנדיקן גלאַנץ. ביי היינט צו טאָג האָט דער מושב צו פאַרצייכענען זייער פיל דערפאָלגן. אָבער קיינעם טראָגט מען נישט אונטער קיין הצלחה אויף אַ גאָלדענער טאַץ. עליות און ירידות, דערפאָלג און דורכפאַל, קאַמף מיט דער נאַטור און לסוף־די אויבערהאַנט פון מענטשלעכן אידעאַל, ערלעכקייט און עקשנות.

נאָך אין יאָר 1952 האָט די סוכנות צוגעגרייט דאָס אָרט

אויפצונעמען נייע עולים פון תימן און מאַראָקאָ. מען האָט אויף שנעל אויסגעבויט הייזלער, שטאַלן און וואַסערלייטונג און געהאָפט אויף אַ שנעלער אַקלימאַטיזירונג פון די נייע בירגער. אָבער מיט פיר יאָר שפּעטער איז שוין דאָס דאָרף געלעגן ווי אַ פּאַרלאָזטע עגונה און געוואַרט אויף די וועגעטאַרישע דערלייזער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין גיכן אַז די אָרעמע מאַמע־ערד פון ישראל פאָדערט אַ חוץ קינסטלעכע באַמיסטיקונג, אַביסעלע וואַרעמקייט און צערטלעכקייט פון אַן אויסגעבענקט קינד געפּאָרט מיט דעם „בזיעת אפּיך״ פון אַ ליבנדיקן מאַן און פאָטער. און ווייל אינעם דאָזיקן צויבערווינקל פון גליל וואָס שווענקט זיינע פיס אין כנרת האָבן זיך אַנטפּלעקט דריי וווּנדערבאַרע זרעים — זאָגט דער וועגעטאַריער־עספּעראַנטיסט פון אמירים יחזקאל דורון אין זיין ביל־דלערישער מעטאַפאָרן שפּראַך — איז די אַרבעט געקרוינט געוואָרן מיט הצלחה. די דריי זרעים זענען: געמיינזאַמע אינטערעסן, אי־דעאישע וועלט־אויפפאַסונג און געזעלשאַפטלער־מאָראַלישער צו־גאַנג צו וועלט און מענטש. דאָס זענען די יסודות פון אַמירימער קאָלעקטיוו וואָס ציילט עטלעכע און פערציק משפחות דערונטער זעכציק קינדער פון זיי צוואַנציק געבוירענע אין אמירים.

און בעת מיר גייען שוין איבער אויף דער שפּראַך פון ציפערן בעט זיך ממש די אַנאַלאָגיע פון „מאַטעמאַטישע אויפגאַבן״ וועלכע דער קאָלעקטיוו האָט געלעזט אויף אַ וווּנדערבאַרן אופן אין גאָר אַ קורצער צייט, אויפגאַבן ווו די פאַרהוילענע זענען געווען מער ווי צוויי. ווייל אַפילו דער שטאַרקסטער אָפּטימיסט האָט נישט געקענט פאָרויסזען אַזאַ ראַשיקע אַנוויקלונג. ביי היינט צו טאָג שטייען צו דער דיספּאָזיציע פונעם מושב העבער הונדערט הייזער דאַרונטער זיבן געזעלשאַפטלעכע ווי: אַ קולטור־הויז, אַ קלוב, אַ צרכניה, אַ שול, אַ קינדער־גאָרטן, אַ הייל־אַנשטאַלט און אַ מזכירות.

צו די וויכטיקסטע פּלאַנטאַציעס געהערן עפּל, פייגן, פיסטאַשקעס און וויינטרויבן. אַ באַזונדער חשובן אָרט אין דער ווירטשאַפט

פאַרנעמט דאָ די בינען־צוכט וועלכע ציילט פירהונדערט משפחות. דער האָניק איז דאָ, פאַרשטייט זיך, עכטער נאַטירלעכער און שטייגט איבער מיט זיין קוואַליטעט אַלע סאָרטן האָניק וואָס ווערן פּראָדוצירט אין לאַנד. אין אמירים איז פאַראַן די איינציקע אין ישראל עקספּערימענטאַלע פּלאַנטאַציע פון דעם ניסל „פּיסטוק חלבי". דער מושב לעגט דערויף גרויסע האָפנונגען אין די פּלענער וועגן דער אייגענער אַפּראָוויזאַציע.

די דערפאָלגן אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט זענען גאַנץ באַדייטנדיקע און כדי דאָס צו דערגרייכן האָט מען לאַנגע חדשים געאַרבעט ביים אָפּרייניקן די שטיינער פונעם באַרגיקן גרונט. די מיטלען וואָס זענען געשטאַנען צום רשות פון דעם אַמירימער קאָלעקטיוו זענען געווען זייער פּרימיטיווע און שטאַרק בצומצומדיקע אָבער דער גייסטיקער באַגאַנש און שטאַרקער באַגער פון די וועגעטאַריער־חלוצים האָט איבערגעוויגן אַלע שוועריקייטן און אָנגענומענע נאָרמעס. די אַמירימער זאָגן:

— בזיעת אפיך — יאָ! נאָר פון קיין ברויט האָלטן זיי דווקא נישט.

### ג. מזוג גלויות

דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון די אמירימער איינוווינער איז אַ זייער אינטערעסאַנטער: אַכציק פּראָצענט פון זיי פאַרמאָגן דיפּלאָמען פון העכערער בילדונג און פון פאַרשיידענע פרייע פּראָפעסיעס. זייער אָפּשטאַם: רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, דייטשלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך, ענגלאַנד, צפון־אמעריקע, בריטיש־געווינאַ, טוניס, איראַק, פּערסיען און ישראל. צווישן די איינוווינער זענען פאַראַן פיר אַדווענטיסטן־פאַמיליעס פון אַמעריקע וועלכע זענען געקומען אַהער אין יאָר 1960.

די אַדוועטיסטין פרוי סוזאַן גערוועל פון אַריזאָנאַ איז געקומען מיט איר טאָכטער און געפינען דאָ אין אמירים איר נייע היים. זי איז שוין אַ וועגעטאַריערין לאַנגע יאָרן און גלייך ווי עס איז

צו אירע אויערן דערגאַנגען וועגן דער וועגעטאַריער־קאָלאָניע אמירים — האָט זי אַלץ ליקווידירט און געקומען מיטלעבן דעם גורל פון אידייען־פריינט און חברים. איצט איז פרוי סוזאַן גערוועל געבליבן אַליין. די טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ ישראלער, זיך מגייר געווען און וווינט אין צפת. ווי אַזוי פילט זיך סוזאַן גערוועל אַלס ישראל בירגערין? פאַראַן שוועריקייטן אָבער נאָך טירלעכע און זי אַנטווישט זיך נישט אַזוי לייכט. זי האָט ליב צו פירן אַ לעבעדיקן שמועס, בלאָזט אַמאָל ברוגזדיק אירע דיקלעכע ליפּן און ווען עמעצער פון די צופעליקע דאַטשניקעס־באַזוכער קלאָגט זיך אויף קאַפּ־ווייטיק פּירט סוזאַן גערוועל מיט אירע פינגער איבערן אַנגעווייטיקטן אָרט און דער ווייטיק פאַרשווינד ווי מיט דער האַנט אַוועק גענומען. דאַן צעשמייכלט זיך דאָס קיילעכדיקע פנים מיט אַנגענעמער סאַטיספאַקציע, וואַרפט צו אַ פריינדלעכן „להתראות" און קנאַקט אַוועק מיטן טענדער וועלכן זי האָט מיטגעבראַכט פון אַריזאָנאַ און וועלכער העלפט איר אויך צו אַביסל אין איר חיונה.



דער טראַנסילוואַנער ש.ב. איז עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין קרית אונו. אַ שווערער בראַנכיט האָט אים געמאַטערט און קיין שום מעדיצינישע באַהאַנדלונג האָט אים נישט געהאָלפן. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער נאַטורלאַליסטן ליטעראַטור און באַשלאָסן צו ווערן אַ וועגעטאַריער. צוערשט זיך אָפּגעזאָגט פון פלייש, נאָכדעם פון ברויט, פאַרלוירן ביי אַ 40 קילאָ פון וואָג אָבער אויף אייביק זיך באַפרייט פון דעם מאַטערנדיקן בראָנכיט. ער האָט זיך פלוצעם דערפילט אַזוי געזונט אַז אין עלטער פון 47 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן 18 יעריק מיידל, זיין איצטיקע פרוי וועלכע איז די מוטער פון זייערע דריי קינדערלעך. היות ווי צו פירן אַ פאַמיליע על טהרת הוועגעטאַריאַניזם איז אין קרית אונו שווערלעך האָט זיך ש.ב. מיט זיין פאַמיליע איבערגעקליבן קיין אמירים. „און דאָ אין אמירים — זאָגט ש.ב.

מיט נישט קיין באַהאַלטענעם שטאָלץ, פיל איך זיך אויסערגעוויינ־לער געזונט און איך געדענק אפילו נישט אַז כ׳זאָל האָבן אַמאָל קראַנק געווען. איך באַאַרבעט מיינע אַכט דונאַם באָדן נישט ווייט פון מיין הייזל און בין מפרנס מיין משפחה בכבוד״.

אָנווייזנדיק אויף זיינע סאַברעס גיט ער צו:

„וועגן זיי קענט איר הערן אין גאַנץ אמירים, דער יינגסטער לויפט אַרום אַ נאַקעטער, האָט נישט קיין מורא פאַר קיין היץ און פאַר קיין קעלט און עסט קאַרטאָפל רויערהייט.״

דער גליקלעכע און געזונטער פאָטער שמייכלט צו און לאַנג נאָך זיין אַוועקגיין פיל איך נאָך דעם דרוק פון זיין ביינערדיקער שטאַרקער האַנט. — — —

די זון האָט זיך שוין געזעצט און אַרומגעגילט דעם האָריזאָנט מיט פאַרביקן גלי ווען איך בין אַריין אינעם גאָרטן פון דאָקטאָר לואיס בערעגאָווסקי, דער דאָקטאָר־נאַטוראַליסט און באַזיצער פון צוויי דיפּלאָמען — איינער פון „לינדלפאַר קאָלעדזש״ אין טשיקאַגאָ און דער צווייטער פון דער „פּאַרמער סקול״ אין קאַהיר. אָבער דאָקטאָר בערעגוואָסקי פאַרנעמט זיך שוין איצטער נישט מיט קיין מעדיצינישער פּראַקטיק און זייט ער האָט זיך באַזעצט אין אַמירים זאָרגט ער פאַר דער פּינקטלעכער און שטענדיקער פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט. ער האָט גערנוויליק גענומען אויף זיך די פונקציע פון דעם פּאָסט־לייטער.

דאָקטאָר בערעגאָווסקי איז זייער גוט געשטימט און אָנווייזנדיק מיט נישט ווייניק שטאָלץ אויף די שווערע שטיינער פאַר זיין ווינונג זאָגט ער:

„דאָס האָב איך מיט די אייגענע הענט מיינע אַהער געשלעפּט פון די וואַדיס! זעצט אייך, זעצט אייך! כ׳האָב די שטיינער ספּע־ציעל צוגעקליבן, זיי זענען ווי געשליפענע און באַקוועמע!״

און דאָקטאָר בערעגאָווסקי, דער פאַרברענטער נאַטוראַליסט (גייסטיק און פיזיש) וואָס גייט אַרום אַ האַלב נאַקעטער זעצט זיך אויף אַזאַ באַקוועמען שטיין און זיינע גרויסע קינדישע אויגן

פינקלען אַרויס פון זיין געדיכטן קאָפּ־האָר און קיילעכדיקער „קאַ־רל־מאַרקס״ באָרד:

„דער מענטש איז אַ טייל פון דער נאַטור — דאַרף ער דעריבער לעבן נאַטירלעך, דאַמלט וועט ער לאַנג לעבן. דער מענטש דאַרף נישט עסן קיין קערנער — דאָס איז באַשטימט פאַר די פייגל. דער מענטש איז פון דער נאַטור אַ פּרוכטן־עסער. איך און מיין פרוי רבקה זענען שוין באַלד זעבציק יאָר וועגעטאַריער. איך פיל זיך גוט און לייען די קלענסטע אותיות אָן אַ בריל״.

„דערציילט עפּעס דאָקטאָר וועגן אייער טאָג אָרדנונג״.

„כ׳שטיי אויף פאַרטאָג ווען עס הויבט אָן שאַריען אויף טאָג, איך אַרבעט אין גאָרטן ביז אַ זייגער האַלב צען. כ׳נעם אַ טוש און גיי צו דער פאַסט ווו איך בין באַשעפטיקט ביז מיטיק און עסן דאַרף מען נאָר ווען מען פילט הונגער.״

די שאָטנס פון די עפּל־ביימער שפּילן זיך אין לבנה־שיין, די נאַכטיקע שטילקייט האָט אָראָפּגענידערט פון די בערג. אין די הייזלעך פינקלט איצט מיט עלעקטרישן ליכט אָבער אינעם גאָרטן פון דאָקטאָר בערעגאָווסקי איז אָנגענעם די נאַטירלעכע ליכטיקייט פון דער לבנה.

דער דאָקטאָר בערעגאָווסקי און זיין לעבנס־באַגלייטערין זענען געבוירן אין לאָנדאָן. יאָרן פון געמיינזאַמע איבערלעבונגען, פרייד און טרויער, חלומות און אַנטוישונג, דורשט נאָך וויסן און דער־פאַרונג, דראַנג צו דערקענען די וועלט און אַזוי זענען זיי געקומען אין הייליקן לאַנד אין יאָר 1923.

שפּעטער קומט אַרגענטינע מיט די באַרימטע יידישע קאָלאָ־ניעס פון באַראָן הירש, נאָכדעם בראַזיל ביי די באַקאַנטע וואַסער־פאַלן איקוואַזאָ און גויאַראַ ביי די ברעגן פון אַרגענטינע, בראַזיל און אורוגוואַי. אַ וווּנדערלעכע רייזע אין די געדיכטע בראַזיליאַנער וועלדער. און אומעטום געפּרעדיקט נאַטוראָ־טעראַפּיע און די פּראַקטיק פון דער פלאַמיקער אידיי וואָס ד״ר לואיס בערעגאָווסקי מיט זיין לעבנסבאַגלייטערין טראָגן אום טיף אין האַרצן: „לא

תרצח!" אַלץ וואָס איז געבוירן געוואָרן האָט רעכט צו לעבן. דאָס איז זייער טיפער גלויבן. — —

מען קאָן זיך באַציען סקעפּטיש צו דער וועגעטאַרישער תורה, מען קאָן זיין אַ סימפּאַטיקער אָדער טיילווייזער פּראַקטיקער און קיינעם פאַרפליכטעט נישט דער גלויבן אין השארת הנפש. אָבער דער עצם פאַקט פון עקזיסטענץ פון מושב „אמירים" וועקט ביי דיר אין מוח געדאַנקען וועגן אַן אַלטער פאַרגאַנגענהייט ווען ביי די זעלבע ברעגן פון כנרת האָבן זיך געזאַמלט יידישע אידעאַליסטן „וואָס האָבן געלעבט אין קאָמונעס געאַרבעט אויף ערד און צוויי מאָל אין טאָג איינגעאָרדנט געמיינזאַמע סעודות פון ברויט און גרינס ווייל ווײַן און פלייש איז געווען פאַרבאָטן. זיי האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין היילן מיט קרייטעכצער און זענען געווען באַ־קאַנט אַלס דאָקטוירים און עושי נפלאות" (כת האיסיים — לויט ש. דובנאָוו).

און בעת אין די רוישיקע שטאָטישע גאַסן, ביי דעם שיין פון קאָלירטע נעאָנען ווערן אויגן פאַרבלענדעט פון איבערפליסיקער פּראַכט און קנאה־שנאה צעגיסט זיך ווי טויט־סם אין די הערצער שפּאַצירט זיך דאָ אין אַמירים די געטלעכע רוייקייט אַליין, הילט איין די נשמה מיט אַ סאַמעט־ווייכן געוועב, שעפּטשעט תפילהדיק דיר אין אויער אַז דאָס דאָזיקע לעבן איז שוין אַמאָל דאָ געווען און ס'וועט אַזוי אויך ווייטער ווערן...

# פאַר אַ הומאַנער און שלומדיקער וועלט

## פעדער־שפּריצן פון דער הויך

„אַ גרויסער טי.ווי.איי. אַעראָפּלאַן האָט פאַרלוירן די גלייכ־געוויכט צוויי מינוט נאָכן פאַלאָזן דעם פלי־פּאַרט און איז צע־שמעטערט געוואָרן מיט זיינע 287 פּאַסאַזשירן...״

גאַנץ אָפּט הערסטו אין די ראַדיאָ־נייעסן אַזאַ אָדער ענלעכע מעלדונג און דאָך... בעת דו האָסט שוין דערליידיקט אַלע פאָרמאַ־ליטעטן צום אָפּפלי, גיסטו אַפילו נישט דעם מינדסטן קלער: אפשר איז כדאי איצטער אָפּצולייגן די געפּלאַנטע רייזע? די וועלט איז אָפן און אין אַלע ווינקעלעך זענען אויסגעשפּרייט גאַנצע הויפנס מאַגנעט. ווי זשע קאָן היינט אַ נאָרמאַלער מענטש באַ־הערשן זיין ווילן און אָפּטעמפּן די נייגעריקייט? די וועלט לאָקט און דו ווערסט מיטגעריסן. אָבער עס איז נישט דווקא די אומבאַ־קאַנטקייט, עס איז גאַנץ אָפט, צו דיין אייגענער פאַרוווּנדערונג, די דערמאָנונג, די ענלעכקייט, די ווידעראויפלעבונג פון לאַנג פאַר־דרימלטע נישט געשטילטע פאַרלאַנגען. מעגלעך אַז דאָס זענען חלומות פון דער פאַרשווונדענער יוגנט ווען אַלץ אַרום איז נאָך געווען אַזוי זיס און שיין נאָר די ווייטקייט האָט דאָך געשמייכלט צו דיר מיט טויזנטער חנען און מיט אומבאַוווּסטן צויבער. אפשר דעריבער קענסטו איצטער נישט מוותר זיין אויף דער געלעגנהייט אַפילו ווען דאָס איז שוין נישט צום ערשטן מאָל. גייסטו פאָרויס מיט אַ שיינענדיקן שמייכל אין די אויגן. אַרום שטויסן זיך צענדלי־קער מענטשן און אַלע קוקן נאָר פאָרויס. זיי זשע זיי מוחל ווען עמעצער גיט דיר אַ שטויס אין דער זייט און בעט אַפילו נישט דו זאָלסט אים מוחל זיין. יעדער וויל שוין זיין נאָענטער, פאַר־נעמען זיין פּלאַץ, כאָטש דער בילעט איז נומערירט און קיין שטיי־

פלעצער ווערן נישט פאַרקויפט. גיי זשע דעריבער זיך געלאָסן, דו ווייסט דאָך שוין געגנוי דעם סדר. דו דאַרפסט דורכגיין קודם כל די פאָליצייאישע פּאַספּאָרטן־קאָנטראָלע, נאָכדעם דאָס שמאָלע דורכגאַנג־צימערל ווו עס ווערט אַדורכגעקוקט דיין האַנט־באַגאַזש און דאַן וועט דיר אַ סימפּאַטישע פריילן אָנווייזן וווהין ווייטער צו גיין.

אַ טיפער אָטעם־צי און דער נומער 361 לייכט אַראָפּ פון דער וואַנט — אַלץ שטימט געגנוי מיטן נומער אויף דיין בילעט און מיט דער שעה פון איינשטייגן.

— פאַראַן אויך גוטע זאַכן אין אונדזער קליינטשיק לענדעלע — גיסטו אַ טראַכט ווען אַן איבעראַשנדיקער „גוט מאָגן" נעמט דיך אויף ביי דעם אַריינגאַנג. דער ליבער שמייכל פון די סטיואַרד־מיידלעך באַגלייט דיך שוין דעם גאַנצן ווייטערדיקן פלי. מעגלעך אַז כדי עס זאָל אויסזען בעסער — דאַרף מען זיך קענען אויפהויבן העכער... מעגלעך אַז אינסטינקטיוו פילסטו שוין אָפּ די לופט פון אַ ווייטער וועלט, כאָטש דער אַעראָפּלאַן שטייט נאָך פעסט אויפן באָדן. דורכן פענצטערל זעסטו נאָך די לעצטע צוגרייטונגען צום אָפּפלי און דו פילסט ווי לייכטע שטראָמען בלוט צעפליסן זיך איבערן גאַנצן קערפּער. און יעדעס מאָל דאָס זעלבע. עפּעס וואָס ענלעכס צו דעם וואָס עס פילט אָפּ אַ יוגנטלעכער אויפן אָרט פונעם ערשטן ראַנדעוווּ מיט זיין מיידל...

איצט ענדיקט שוין דער הילכער די געוויינלעכע אָנווייזונגען ווי צו האַנדלען אין אַ נויט פאַל און דאָס סטיואַרד־מיידל דע־מאָנסטרירט אין טעאַטראַלער שווייגעניש די מכשירים. דו קענסט שוין דאָס אַלץ אויף אויסנווייניק, גורסטו אָן דיין רעטונגס־גאַרטל און דו לאָזט וואַנדערן דיין בליק דורכן קליינעם פענצטערל. —

דער אַעראָפּלאַן איז שוין אין דער לופטן און שניידט זיך אַלץ העכער. ווייסע וואָלקנדלעך ווי אומשולדיק־פוכיקער שניי הילן איין דעם שלאַנקן ליבטיקן קערפּער. פון דער ווייט צייכענען זיך נאָך געציילטע פיל־שטאָקיקע הייזער פון דער ערשטער יידי־

שער מעטראָפּאָליע. נאָך אַ לעצטן בליק און: צום ווידערזען.

מיר וויגן זיך איצט צווישן הימליש און ימישן בלוי. ס׳איז סוף יולי און די לופט איז זויבער־ריין און די זון טיילט אויס איר מילדקייט אויפן גאַנצן אַרום. נעבן פענצטערל איז דאָס אי־דעאַלסטע אָרט. מען קאָן אַראָפּקוקן און אַ גיבן אַ פילאָ־זאָפישן טראַכט: „דאָס זיין שאַפט דאָס באַוווסטזיין״ — קומט מיר פלוצעם אַרויף אויפן רעיון די באַוווסטע פאָרמולע וואָס האָט אַמאָל אַזוי פאַרכאַפּט פיל מוחות. פאַראַן מאָמענטן און סיטואַציעס וואָס דעצידירן און שאַפן דאָס פּנים פון דער געזעלשאַפט. פאַראַן מאָמענטן פון קאָלעקטיווער מחשבה, פון קאָלעקטיוון געפיל. אין אָנבליק פון אַלגעמיינעם פאַרגעניגן זענען מענטשן ליבנסוויר־דיק, אין אָנבליק פון אַלגעמיינער געפאַר — פאַרדעכטיק אָבער שטענדיק עפּענען זיך אויף די הערצער. מען זוכט די נאָענטקייט, מען זוכט באַרוייקונג דורך אַ גוט לעבעדיק וואָרט. קאָלעקטי־ווער גורל צעמענטירט, פאַראייניקט, ברודערט. לע באָן האָט אַפילו אויסגעפונען פיל געמיינזאַמס צווישן מענטשן־קאָלעקטיוו און אַ סטאַדע ווילדע חזירים וועלכע, ווילנדיק זיך שיצן פון דער קעלט, שטייען געדיכט נאָענט איינער פונעם צווייטן. דאָן דערפילן זיי אָבער דאָס שטעכן פון די האַרטע האָר און מוזן זיך דערווייטערן. דער חייהשער אינסטינקט פּאַסט שוין צו דעם געהעריקן מרחק. —

נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געלערנט אַז עס איז בעסער אַ נאָענטער גוטער שכן ווי אַ ווייטער ברודער. אָבער נישט שטענדיק האָט מען מזל צו אַ שכן. אויפן פּנים דווקא אַ גאַנץ סימפּאַטישער יינגערמאַן אָבער ער איז אַריין אָן אַ „גוט מאָרגן״ און זייט מען האָט פאַרטיילט די צייטונגען האָט ער געכאַפּט די צייטונג, איינגעטונקען דעם קאָפּ און נעמט אים נישט אַרויס אויף קיין רגע. דערצו האָט ער פלוצים אָנגעהויבן נער־וועאיש צו זוכן אין די טאַשן און אַריינגעשטעקט אין מויל אַריין אַ פּאַפּיראָס. מיט פרייד האָב איך באַמערקט אַז דאָס איז אַ קינסטלעכער סיגאַרעט. צום גליק איז דאָ דאָס רויכערן שטרענג

פאַרבאָטן און די ריינקייט פון דער לופט ווערט גוט אָפּגעהיט. —

דאָך האָב איך זוכה געווען איין מאָל, במשך דעם פיר־שעהדיקן פלי, צו הערן זיין שטים. בעת מען האָט מיר צוגעבראַכט מיין, פון פריער באַשטעלטע, וועגעטאַרישע פּאָרציע — האָט מיין שכן אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ אין מיין טעלער און אויסגערופן:

— זעט אויס אַז אומעטום דאַרף מען האָבן אַביסל פּראָטעקציע! וואָס האָבן זיי דאָס אייך דערלאַנגט?

איך ווייס נישט צי דער מענטש האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך האָב געוואַרט ביז מען האָט אויך אים דערלאַנגט דאָס עסן וואָס איז געוואָרן איינגעשלינגען אין געציילטע מינוטן.

די צייטונג האָט ער אַלץ געדרוקט צווישן די פינגער ביז מיר האָבן דערזען דעם פלי־פּאָרט פון מינכען.

*

מינכען. פיל טרויעריקע מחשבות רופט ביי דיר אַרויס די דאָזיקע שטאָט וואָס ציילט איצט אַ מיליאָן מיט אַ פערטל איינוווינער. מינכען — דאָס וויגעלע פון היטלעריזם. די שטאָט פונעם אַשמדאי וואָס איז דאָ נצול געוואָרן על פּי נס און אין די געדיכט באַזעצטע ביר־קעלערס ביי די קלאַנגען פון די „האַלבעס", אויסגעוועבט די שווידערלעכע באָד־בלוט פאַרן יידישן פאָלק. ווי אַזוי פילט זיך איצטער דאָ אַ ייד? עס איז אָבער דערווייל נישטאָ קיין צייט זיך צו פאַרטראַכטן. איצט פאָרן מיר קיין אולם — אַ דריי שעה רייזע מיט דער באַן. דער יונגער בחור וואָס שרייבט מיר אויס דעם הנחה־בילעט פאַר אונדזער גרופּע, פאַרטייטשט מיר מיט אויסערגעוויינלעכן געדולד און העפלעכקייט דעם מאַרשרוט פון דער רייזע קיין אולם און דעם ווייטערדיקן צופאָר קיין ניי־אולם. ער איז צופעליק גוט באַהאַוונט אין דער געגנט. איך כאַפּ אַ בליק אַרום זיך — אַלע באַאַמטע אינעם רייזע־ביוראָ זענען יינגע בחורים און יינגע מיידלעך וועלכע טוען זייער אַרבעט געלאַסן און פּרעציז אין שווייגנדיקער שטילקייט און ווילנדיק־נישט־ווילנדיק הויבסטו אָן צו מאַכן אַנאַלאָגיעס. כ'וויל אָבער נישט „זינדיקן מיט די געדאַנקען".

זעט אויס אַז פאַרגלייבענישן איז אַ יידישע טבע — טו איך אַ קלער און בין מוחל זיך אַליין. —

אין קופע איז האַלב ליידיק — אונדזערע פּלעצער זענען רעזערווירט. ווען מיר נעמען אַריין דאָס געפּעק שטייען אויף צוויי מענער און העלפן אונדז אַרויפליייגן די וואַליזעס אויף דער פּאָליצע.

דער צוג פירט אונדז דורך גרינע גערטנער וואָס ציען זיך ביז די רעלסן. גרין־באַבלעטערטעביימער וואַרפן שטיקער שאָטן אויף די גלייך־סימעטרישע באַאַרבעטע בייטן. די קאָלירטע אָפּגעפּרישטע הייזער בלאַנקען אַרויס מיט נישט קיין באַהאַלטענעם שטאָלץ. אַלע פענצטער טונקען זיך אין אַ ים פון פאַרביקע בלומען.

אַ שמאָלער טייך שלענגלט זיך איצטער לענגאויס דעם באַןוועג אויף עטלעכע קילאָמעטערס און די פייכטקייט פון דער לופט פילט זיך דורכן אָפענעם פענצטער. אויפן ברעג זענען צעשפּרייט גאַנצע פאַמיליעס אין קעמפּינגס, זיי קומען אַהער אויף זומער־אָפּרו און פאַרברענגען דאָ זייער צייט אין שטילער זעלבסטצופרידענער געמיטלעכקייט. —

דו קוקסט אַרויס דורכן פענצטער, זוכסט עפּעס אַ צייכן, אַ סימן פון דעם אומגליק וואָס דער היטלעריזם האָט אָנגעטאָן דער וועלט. קיין איין צעשטערטע געביידע. קיין שום זכר. גלייך די צייט וואָלט דאָ פאַרהאַלטן איר לויף.

דער צוג שלינגט די רעסלן מיט פּלאַנמעסיקער פּינקטלעכקייט. מענטשן שטייגן אויס, מענטשן שטייגן איין. גוטן טאָג! דאַנקע שיין! נאָך דער בילעטן קאָנטראָלע מאַכט דער קאָנדוקטאָר אַ צייכן אויף דער טיר פונעם קופּע כדי מער נישט צו באַאומרוייקן קיינעם. די פערזענלעכע רו איז דאָס פאַרהייליקסטע אייגנטום פון יעדן מענטשן. די רעכט פונעם מענטשן — די געטלעכע שאַפונג — טאָר דורך קיינעם נישט ווערן באַשרענקט. העפלעכקייט איז דאָס עלפטע געבאָט. פאַר דער מינדסטער באַאומרוייקונג — אַנטשולדיקונג. דאָס איז די ווירקלעכקייט.

מערקווירדיק. נישט צום פאַרשטיין. גאָט מיינער, ווי אַזוי האָט עס פּאָרט געקאָנט פּאַסירן? — — —

אַ קליינע בריק איבערן דאָנאַו־טייך פאַרבינדט די אַלטשטאָט אולם מיט ניי־אולם. אַ פּאָר מינוטן גאַנג צום „עדווין־שאַרף־האַוז", דער גרויסער קולטור צענטער וואָס נעמט איצט אויף בערך 700 דעלעגאַטן פון דער גאַנצער וועלט אויפן 26סטן וועגעטאַרישן וועלט קאָנגרעס.

מיר, די ישראל־גרופּע, זענען פון די ערשטע געסט און האָבן גלייך געגאָסן פון דער גאַסטפריינדלעכקייט פון דעם לוקסוסאַר־טיקן „מעווענפּיק־האָטעל" מיט דער פולער האַנט.

אַ ספּעציעלער שליח מיט אַ לאַסט־מאַשין האָט אונדז גע־האָלפן אָנלאָדן און אויסלאָדן דאָס געפּעק.

דער ברייטער פּלאַץ פאַרן האָטעל טונקט זיך אין גרינס. דער וואַסער־שפּריץ פרישט אָפּ די לופט מיט טויזנטער פונקען פון דער פאַרנאַכטיקער זון. עס איז שוין 7 פאַרנאַכט אָבער דאָ, אין צענטער פון אייראָפּע, ווערט ערשט טונקל אַ זייגער האַלב צען. צווישן די הויכעביימער פלאַטערן די ראַשיקע קאָלירן פון 34 לענדער צווישן וועלכע עס ווינקט אַרויס מיט שטילער באַשיידנ־קייט דער בלוי־ווייס פון מדינת ישראל. עס ווערט עפּעס לייכטער אויפן האַרצן און אַ ווײַלע בלייבסטו שטיין אין שטילער פאַר־טראַכטקייט. עפּעס וואָס האָט פּאָרט פּאַסירט אין דעם יאָרהונדערט. זאָל זיך עס יעדער איינער אויסטייטשן ווי אים געפעלט. איך דערמאָן זיך אָפּט אין די ווערטער פון יצחק גרינבוים ז"ל וואָס ער האָט מיר געזאָגט אין יאָר 1946 בעת ער האָט באַזוכט אונדזער הכשרה־קיבוץ אין נידערשלעזיען:

— מיר דאַרפן האָבן אַ יידישע מדינה צוליב אַ סך זאַכן, אָבער איין זאַך איז אונדז זייער וויכטיק — מיר מוזן האָבן וואָס אַריינצוגעבן אין שותּפות אַריין...

דאָס זענען געווען גאָלדענע ווערטער פון אַ גרויסן קעמפער פאַר די רעכט פונעם פּוילישן יידנטום און דערמיט האָט ער

אַנטפּלעקט זיין וויזיע אויף דער צוקונפט. ווען אונדזערע מנהיגים וואָלטן אין דעם געדענקט — וואָלטן מיר געוויס אַן אַנדער פּנים געהאַט אין דער וועלט.

ביים אַריינגאַנג אינעם „עדווין שאַרף האַוז" — וואָס שטייט האַרט ביים האָטעל, נעמט אונדז אויף אַ גרויסער טראַנספּאַ־רענט:

„פּאַר אַ הומאַנער און שלומדיקער וועלט"...

און די לאָזונג רעדט אפשר צו אונדז מער ווי צו אַלע אַנ־דערע. — — —

✶

דער באַקאַנטשאַפטס־אָוונט פון די דעלעגאַציעס איז אַ גע־שעעניש פון טיפער מענטשלעכער באַדייטונג. די כלומרשטע קול־טור־טוער פון אונעסקאָ און אַפילו די פאָרשטייער אין דער „אונאָ" וואָלטן געהאַט אַ שאַנס עפּעס וואָס צו לערנען. אויך דאָ קומען דעלעגאַטן אין זייער נאַציאָנאַלן טראַכט, אָבער קיינער נויטיקט זיך נישט אין קיין רעוואָלווער. —

יאָ, נישט שטענדיק האָסטו אַ געלעגנהייט צו זיין אין אַזאַ געזעלשאַפט ווו די אויסערלעכע פאַרביקייט איז אין פולשטענדיקן קאָנטראַסט צו איר אינערלעכער פשטות. עפּעס וואָס פאַראייניקט דאָך די אַלע מענטשן וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט מיילן ווייטע שטרעקעס כדי זיך צו באַגעגענען. דאָס זענען דאָך מענטשן מיט געוויסע פּאָליטישע איבערצייגונגען, אָבער דער „עפּעס וואָס" שטייט איבער אַלץ און וועגט איבער. און דאָס איז דאָך באמת נישט קיין סך, עפּעס אַ קליייניקייט וואָס הייסט „הומאַניזם" בלע"ז און אויף פּראָסט יידיש אַביסל מענטשלעכקייט...

אָט באַגעגענען זיך ביי איין טיש די קרום־אויגיקע יאַפּאַנער מיט די העל־אויגיקע שוועדן, די טונקל־האָריקע אינדיער מיט ליכ־טיק־בלאָנדע דייטשן. די שוואַרץ־הויטיקע גאַנער זענען זייער לי־בנסווירדיק און שמייכלען, טייל ריידן דייטש. דאָ זיצן צוזאַמען דעלעגאַטן פון שפּאַניען, איטאַליען, דענעמאַרק און אויסטראַליען.

דאָרט כאַפּן אַ לייכטן שמועס די ענגלענדער מיט די אַמעריקאַנער. אַ פּאָר ישראלער שמועסן מיט די שפּאַנישע און אַ פּוילישער פּאָר־בייט זיך מיט דערפאַרונג מיט עטלעכע דעלעגאַטינס פון דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. איך דערזע פּלוצים אַן עס־פּעראַנטיסט פון יאָרקשיר און עס ווייזט זיך אַרויס אַז ער איז ערשט נאָר וואָס געקומען און ער וועט זיין דער שותף צו מיין האָטעל־צימער.

די צוויי אָפיציעלע שפּראַכן זענען דייטש און ענגליש. די וועגעטאַרישע וועלט אָרגאַניזאַציע פון עספּעראַנטיסטן האָט גע־שטרעבט צו מאַכן די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך פון דאָקטאָר לודוויק זאַמענהאָף פאַר דער דריטער שפּראַך פונעם קאָנגרעס. עס איז אָבער נישט געלונגען היות ווי געגנוי אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען דער 67סטער יערלעכער עספּעראַנטיסטן קאָנגרעס אין אַנטווערפּן ביי דער באַטייליקונג פון העכער 2000 דעלע־גאַטן. דאָך האָבן זיך אין אולם באַגעגנט עספּעראַנטיסטן פון פראַנ־קרייך, דייטשלאַנד, אירלאַנד, שווייץ און ישראל (דער שרייבער פון די שורות איז דער פאַרבינדלער פון דער וועגעטאַרישער עס־פּעראַנטיסטן וועלט־אָרגאַניזאַציע מיט ישראל). די שיין איינגעאָר־דנטע עספּעראַנטאָ־שטעלע האָט געצויגן פיל אויפמערקזאַמקייט. מיין צימער־חבר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס קווייקער וואָס האָט פיל גערעדט וועגן שלום פון מדינת ישראל. ער האָט גערעדט בלויז ענגליש און עספּעראַנטאָ און בלויז אַדאַנק עספּעראַנטאָ האָבן מיר זיך געקענט פאַרשטענדיקן.

דער קאָנגרעס האָט געדויערט צען טעג און יעדער טאָג האָט געשפּרודלט מיט לעבן. גאַנצע פּופּציק לעקציעס אויף וועגעטאַ־רישע טעמעס און פּראַקטישע אָנווייזונגען אין גערטנעריי־צוכט מיט נאַטירלעכער באַמיסטיקונג — זענען געלייענט געוואָרן דורך וועלט־באַרימטע פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים. האַלב־טאָגיקע אויספלוגן אין די שיינע באַוואַרישע געגנטן, האָבן אָפּגעפרישט די שטימונג. די וואונדערשיינע אַלפּן־בערג האָבן צעגאָסן זייער צויבער און

פאַרכאַפּט מיט זייער פּראַכט. די אָוונטן זענען געווען פאַרפולט מיט פעלקער־פאָלקלאָר אויסגעפירט דורך קרייזן פון וועגעטאַריער. די ליבהאָבער פון פאָלקס־טענץ האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע אַ ספּעציעלן זאַל און די ישראל־גרופּע האָט דערביי געגעבן פון העברעישן „הורה" און „צדיק אדמה".

אָבער אם אין קמח — אין תורה. די באַשפּייזונג פון די העכער 700 דעלעגאַטן פּלוס טעגלעכע געסט איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. די פאַרשידנסאַרטיקע סאַיאַפּאַטראַוועס זענען געווען צוגעגרייט דורך אַן עקיפע ספּעציאַליסטן על טהרת הוועגעטאַריזם און נישט איין פלייש־עסער וואָלט געלעקט פון זיי די פינגער. אויך דאָס עסן איז אַ מיטל צו פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַן אידיי. אַפילו די ליבע קומט דורכן מאָגן — זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל. ווייל נישט יעדער מענטש קומט צום וועגעטאַריזם צוליבן געוויסן. פאַראַן מענטשן וואָס זענען געצוווּנגען צו בייטן זייער לעבנס־סטיל צוליב אַ קראַנקהייט. און דערנאָך משעשה לא לשמה — עושה לשמה.

די ישראל דעלעגאַציע האָט געציילט 40 חברים אָבער דאָס זענען נישט געווען די איינציקע יידן אויפן קאָנגרעס. מען האָט געקאָנט דאָ באַגעגענען יידן פון דרום אַפריקע, פון אויס־טראַליע, פון קאַנאַדע און באַזונדערס פון אַמעריקע. מען דערפילט זיי גלייך אויס ביים פּרישטיק, מיטיק אָדער אָוונט־ברויט ווען יעדער קאָן געלאָסן פאַרבייטן אַ וואָרט. זיי זוכן שוין דיך. עס איז לייכט אויפצווזוכן אַ ישראלער. יעדער דעלעגאַט טראָגט דאָך שטענדיק אויף זיין ברוסט אַ שילדל מיט זיין נאָמען, פאַמיליע און לאַנד. און כאָטש די פירמע „ישראל" איז איצטער נישט אַזוי פּאָפּולער ווי אַמאָל (צוליב סיבות פאַרשטענדלעכע) דאָך קען מען נישט אָנווייזן אויף אַ דיסקרימינאַציע אָדער שלעכטע באַציאונג צו אונדזער דעלעגאַציע בכלל ווי צו באַזונדערע חברים בפרט.

אַ פייערלעכער געזעגנונגס־אָוונט מיט סאַלאָן־טענץ פאַר עק־סילאַנס אונטער די קלאַנגען פון אַ צוואַנציק־פערזאָניקן אָרקעס־טער, האָט געשלאָסן דעם קאָנגרעס. די חברשע שטימונג, די

פרײַנדשאַפט, די אַלטע און נײַע באַקאַנטשאַפטן לאָזן איבער אײַנ־דרוקספולע דערינערונגען עס איז שוין ווײַט נאָך חצות און מען האָט זיך נאָך וואָס צו זאָגן. נאָך אַ האַנט־דרוק, נאָך אַן אויסטויש מיט די וויזיט־קאַרטן און „אַלדאָס גוטס"! אויף ווידער־זען אין וואַשינגטאָן אין יאָר 1984 אויפן 27סטן אַלוועלטלעכן וועגעטאַריער קאָנגרעס.

וועגעטאַריער זענען, זעט אויס, ווײַט פון אַבערגלויבנס.

# נצח ישראל

**(פופציק יאָר צום אויפשטייג פונעם אשמדאי)**

אין שלום אַש'ס אַ דערציילונג „אין דער פרעמד" ווערט געשילדערט אַ יידישע פאַמיליע פינקעלשטיין וואָס אַנטלויפט פון די רוסישע פּאָרגראָמען קיין פראַנקרייך און אַ דאַנק דעם זון וואָס וווינט שוין אַ לענגערע צייט אין פּאַריז, באַזעצן זיי זיך אין אַן אַלטן שלאָס אונטערן מאָן־בלאַן. מיט פינקעלשטיינען איז געקומען די טאָכטער, אַן אַלמנה, מיט איר זיבן־יעריק יינגעלע און דער אַלטער אַכציק־יעריקער בלינדער פאָטער. פינקעלשטיינס זון פון פּאַריז האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין און אין אַ געוויסן טאָג קומט זי צופאָרן, צוזאַמען מיט איר פינף יעריק יינגעלע, צו גאַסט. דער אַלטער בלינדער זיידע פירט זיך אַרום מיט זיינע ביידע אור־אייניקלעך, וואָס פאַרשיטן אים ווי געוויינלעך מיט פראַגן. אָבער „דאָס פרעמדע אוראייניקל האָט ער נישט פאַרשטאַנען — האָט מען אים געדאַרפט איבערזעצן אויף יידיש". דער אַלטער זיידע האָט נישט געוווּסט אַז דאָס פראַנצויזישע אייניקל איז שוין נישט קיין ייד אָבער ער האָט עס ווי אויסגעפילט.

אין אַ געוויסן זוניקן פרילינגס־טאָג, ווען אַלע האָבן געמיטלעך פאַרבראַכט אין גאָרטן, האָט דער בריוו־טרעגער געבראַכט אַ צייטונג אין וועלכער עס איז געווען געמאָלדן וועגן אַ פרישן פּאָגראָם אויף יידן. פינקעלשטיין האָט שנעל באַהאַלטן די צייטונג נישט וועלנדיק באַאומרויקן די נערוון־קראַנקע טאָכטער. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין רו, ער האָט געהאַט אַ גרויסע באַדערפעניש זיך צו טיילן מיט דער נייעס. רופט ער אַוועק די שנור אָן אַ זייט און דערציילט איר אין דער שטיל אַז אין רוסלאַנד האָט מען אויסגעשאָכטן הונדערטער מענטשן. די שנור קען דאָס נישט באַגע־

מען: פאַרוואָס? — פרעגט זי. אָבער ער קען איר נישט זאָגן „אַז מען הרגעט דערפאַר וואָס מיר זענען יידן". דאַן דערזעט פינקעל־שטיין דעם אַלטן פאָטער וואָס גייט אַרום מיט זיינע צוויי אוראייניק־לעך. אין איין זייט פירט אים אַ פראַנצויזישער גוי און אין דער צווייטער זייט אַ רוסישער ייד. „פינקעלשטיינען איז עפּעס קלאָר געוואָרן אַ געדאַנק. דעם יידישן גלות האָט ער געזען פאַר זיך..."

— „ווייסט טאַטע, מען הרגעט ווידער יידן אין רוסלאַנד!" „דער אַלטער האָט די בלינדע אויגן געווענדעט צום הימל:"

— „עס איז אַן עת צרה אויף יידן."

און נאָך אַ מינוט שווייגן טאַפּט דער אַלטער אַרום דאָס „פרעמ־דע" אוראייניקל און זאָגט:

— זאָג, שלמה, ער איז געמל'ט?

דער זון שווייגט און מיט אַ שוואַכער שטים זאָגט ער:

— ניין, טאַטע.

דער אַלטער האָט ביטער אָפּגעקרעכצט:

— נו, ער וועט שוין פון דעם נישט וויסן..."

פאַרוואָס האָט שלום אַש געפונען פאַר נויטיק אַריינצולייגן די דאָזיקע ווערטער דווקא אין מויל פון אַן אַלטן אַכציק יעריקן בלינדן יידן — איז נישט פאַרשטענדלעך. מעגלעך אַז דעם „מאַן פון נצרת" האָט שלום אַש שוין געטראָגן אין זיינע גאָר יינגסטע טעג. אָבער דאָס איז געווען דער געדאַנקען־גאַנג אין די צייטן פון דער השכלה. נחום סאָקאָלאָוו און מענדעלע מוכר ספרים האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער. די השכלה האָט געעפנט טיר און טויער צום גן עדן אָבער דער שטן פון גיהנום האָט שוין געלויערט פון זיין באַהעלטעניש.

נישט קיין וווּנדער וואָס דער וועלטלעכער י. ל. פּרץ האָט גערופן „צוריק אין חדר אַריין" ווען ער האָט געזען אַז די ראָד פון אונדזער געשיכטע דרייט זיך אין אַ מסוכנדיקער ריכטונג. אָבער דער געשיכטע קאָן מען קיין קשיאס נישט פרעגן העכסטנס קען מען עפּעס פון איר לערנען.

ווייס איך נישט צי האָט אַדאָלף היטלער ווען עס איז געלייענט שלום אַשן אָבער זיינע ווילדע, מטורפדיקע רייד האָבן באַדראָט אונדזער יידישן קיום. „מענטשן מאַכן געשיכטע!" — האָט דער אשמדאי געררוישט אויף די פּאַליעס פונעם עטער און זיך געגרייט, קודם כל, צו מאַכן די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק און דעם פערטן דור ייד האָט ער באַפוילן צו אַנטפלעקן און אומברענגען.

נאָר ס׳זעט אויס, אַז דער שר פון דער היסטאָריע האָט זיינע אייגענע וועגן. די געשיכטע צווינגט אונדז אָפט, קעגן אונדזער ווילן, צו זיין דאָס וואָס מיר זענען באַרופן צו זיין. —

דאָקטער בוסע איז אַ דייטשישער אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר, אַ גאָט־געבענטשטער לעקטאָר פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן. ער איז אַ שיין־געוואַקסענער מאַן אין די פופציקער און די טויב־ווייסע האָר אויפן קאָפּ, וואָס האָבן זיך אַביסל צוגעאיילט, פאַרבן אָפּ זיין געשטאַלט מיט אָריגינעלקייט פון אַמאָליקן און היינט שוין פאַרשווונדענעם אַדל. זיין גראַציעזער און טעמפּעראַמענטפולער גאַנג האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צווישן די הונדערטער דעלעגאַטן אויפן וועלט־קאָנגרעס פון וועגעטאַריער אין אולם, מערב דייטשלאַנד. דאָקטער בוסע איז אַ וועגעטאַריער שוין אַ צוויי צענדליק יאָר און אַ שטענדיקער באַזוכער פון אַלע וועגע־טאַרישע קאָנגרעסן. בעת אַן אויספלוג מיט אַ שיף אויף דער דונאַי, האָבן מיר זיך באַקענט. זיין לייכטע און ריינע שפּראַך, שאַפט גלייך שטימונג. די לעבעדיקייט און שאַרפער גלאַנץ פון זיינע אויגן זאָגן עדות אויף ליבנסווירדיקייט און געזעלשאַפטלעכן טאַקט. וואַרפנדיק אַ בליק אויף מיין שילדל, וואָס כ׳האָב געטראָגן אויף דער ברוסט, האָט ער אויסגערופן:

— איר זענט פון ישראל? אָ, ווונדערבאַר. איך האָב דאָרט אַ מומע.

אַ ווײלע האָב איך אין לייכטער קאָנסטערנאַציע אים אָבסער־ווירט. „אַ ייד?" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אָבער דאָקטער בוסע האָט מיך גלייך באַפרייט פון אומזיסטער מעדיטאַציע:

— מיין מוטער איז געווען אַ יידישע. איר שוועסטער וווינט אין תל־אביב. איך באַזוך זי פון צייט צו צייט.

אָט אַזוי פּשוט. קורץ און שאַרף אויפגעדעקט די טיפסטע סודות, וועלכע אַ סך אַנדערע מענטשן זוכן אָפט אַ מעגלעכקייט צו פאַרדעקן.

פון דעם ווייטערדיקן שמועס איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָקטער בוסע האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין און זיינע דריי דערוואַקסענע זין זענען קריסטן.

כ׳האָב לאַנגע מינוטן נאָכגעטראַכט וועגן דאָקטער בוסע. אַ מענטש וואָס געניסט פון גאַנץ באַקוועמע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס איז אַריינגעוואַקסן אין דער דייטשישער קולטור, אין איירעפּעאישן שטייגער פון לעבן. וואָס בינדט אים מיטן יידנטום? און דער עיקר: וואָס צווינגט אים מודה צו זיין אין דער אָנגעהעריקייט צו דעם יידישן פאָלק? אפשר די שטאַרקע ליבע צו דער מוטער, וואָס געפינט איר קאָמפּענסאַציע אין די אָפטע באַזוכן ביי איר שוועסטער, זיין מומע אין תל־אביב? ווי שטאַרק קאָמפּליצירט איז די מענטשלעכע נשמה. און אויב דאָקטער בוסעס נאָסטאַלגיע קען אפשר פאַרשטענדלעך ווערן אַ דאַנק זיין יידישער מאַמען שיינט מיר די צווייטע פיגור פון אינזשעניער ווילי בירקשטעדט ווי אַ רעטעניש. מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אַ וועגעטאַרישן דערהאָלונגס־הויז אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף. אין די דאָרפישע באַדינגונגען ווערן מענטשן דערנענטערט און די באַקאַנטשאַפט ווערט געשלאָסן גאָר שנעל. ווילי מיט זיין פרוי אַדעלייד, האָבן זיך באַפריינדעט מיט אונדזער גרופּע פון ישראל און פאַרבעטן צו מאַכן אויספלוגן מיט זייער מאַשין. גלייך ביי דעם ערשטן ווערטער־אויסטויש, האָט ווילי דערציילט, אַז אים בינדט מיטן יידנטום זיין באָבע. ער האָט נאָך אַ ברודער, ביידע זענען אין דער מלחמה־צייט געווען אין מיליטער און ער, ווילי, איז אַפילו אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די רוסן. וועגן זייער אָפּשטאַם, איז עפּעס וואָס דערגאַנגען צו די היטלעריסטן, אָבער זייער אַטלעטישער געבוי און

פולשטענדיק אַריש אויסזען — האָט באַוויזן צו פּאַרווישן יעדן פאַרדאַכט. ווילים שפּראַך איז ביז היינט אַ געמיש מיט אַ ספּע־ציעלן דייטשישן דיאַלעקט, וואָס מאַכט שווער דאָס פאַרשטיין.

אין די געציילטע טעג האָט זיך אונדזער פריינדשאַפט גע־קרעפטיקט, מיר האָבן געטרונקען וואַסער אויף ברודערשאַפט און כהאָב אים איינגעלאַדן מיט זיין פרוי צו גאַסטן ביי אונדז איז שטוב, ווען זיי וועלן אַמאָל באַזוכן ישראל. ס׳איז דאָך אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך, ווען צופעליקע מענטשן ווערן באַפריינדעט. איך אַליין האָב אין מיין לעבן אַ סך פריינדשאַפט געשלאָסן אויף אַזאַ אופן. אָבער די סיבה וואָס האָט געצווונגען דעם אינזשעניער — פענסיאָנער ווילי בירקשטעדט צו אַנטפּלעקן זיין ווייטע אָנגע־העריקייט צום יידישן פאָלק — קען איך נישט פאַרשטיין.

אויב איך זאָל נאָך צוגעבן דעם פאַקט, וואָס דאָס איז פאָר־געקומען אין דער צייט פון דער מלחמה אין לבנון, ווען מדינת ישראל איז געוואָרן דער אָביעקט פון אומגעצוימטע אַטאַקעס פון אויפגעוואַכטן אַנטיסעמיטיזם אין דער גאַנצער וועלט — וועט דאָס רעטעניש ווערן נאָך מער קאָמפּליצירט.

נישט אַנדערש, נאָר נצח ישראל בעל כרחך.

# אינהאַלט



## פאַר אַ הומאַנער און שלומדיקער וועלט